# דער יוד

DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף.“

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —15. „
אמעריקא ,ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער ,25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

קראקויא, אייר תרס"א. — נומר 19. — Krakau, 9 Mai 1901.

# אינהאלט.



## ה. תרס"א ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון: חודש | וואך | אייר מאי־מאי | | נייער ס. מאי | אלט. ס. אווריל |
|---|---|---|---|---|---|
| כ"ג | זונטאג | | | 12 | 29 |
| כ"ד | מאנטאג | | | 13 | 30 |
| כ"ה | דינסטאג | | מאי*) | 14 | *1) |
| כ"ו | מיטוואך | | | 15 | 2 |
| כ"ז | דאנערס. | | | 16 | 3 |
| כ"ח | פרייטאג | | | 17 | 4 |
| כ"ט | שבת | פרשת במדבר | | 18 | 5 |

## קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| כ"ג | ג. תרי"ט | האט שמעון חשמונאי איינגענומען די פעסטונג אקרא. |
| „ | ד. תתנ"ו | האבען די I קרייצפאהרער געהרגיט פיעל יודען אין ווארמס. |
| כ"ד | ה. ת"ס | געשטארבען אין ווילנא הר' יהושע העשיל מווילנא. |
| „ | ה. תרכ"ז | איז אין רוסלאנד פריגעגעבען געווארען שבת און יו"ט פאר די יודישע פערמשפט'ע. |
| כ"ה | ה תקט"ה | געשטארבען הר' שאול הלוי ה[illegible]ג'ער רב. |
| כ"ו | ה תק"ז | „ דער מקובל און משורר ר' משה חיים לוצאטו. |
| „ | ה. תר"ט | „ ה"ר יצחק בן ה"ר חיים ראש ישיבה אין וואלאזין. |
| כ"ז | ה. ק"ל | פערברענט אין בריסעל 3 יודען וועגען א שקר בלבול. |
| כ"ט | ה. ד' | פערברענט אין פאריז די ספרים פון רמב"ם. |

## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז: ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

## ספרים חדשים וישנים שבאו לבית מסחר חברת „אחיאסף" ווארשא.

| | ר׳. ק׳. |
|---|---|
| ארץ הקדם, קלמן שולמאן | — 40 |
| בין הפטיש והסדן, ד. ל. מארדאווצעוו | — 50 |
| בילדער פון טהיערלעבען מיט 33 ריסונקעס | — 40 |
| בית הספר השלם ללמד את ב״י כתבי הקדש וש״ע כאחד עם ציורים, א. טעמקין, חלק שני | — 60 |
| ביבלאָטהעק פאַר קאָלאָניסטען: דער לובין | — 05 |
| " ווי מען פלאנצט אסאד | — 05 |
| דברי חפץ, קלמן שולמאן | — 50 |
| דאָס הייליגע לאנד וועגען ישוב א״י, ב. פלעקסער און י. נאראדניצקי, עם פארטא | 1 — |
| דאס בלוט און דאָס הארץ | — 10 |
| די קוואלען זיך זעלבסט צו העלפען, ז. וו. מענדלין | — 15 |
| הגרן, מאסף לחכמת ישראל, ש. א. האראדעצקי | — 80 |
| וועמעס גלויבען איז בעסער, ל. טאלסטאי | — 05 |
| טבע התבונה, י. י. סירקיס | — 30 |
| יסודי הסוציולוגיה, פ. ה. גידיננס, הוצ׳ תושיה, ספר שלישי | — 80 |
| מחברות לנתוח דקדוק, גוטליעב, הוצ׳ תושיה, ג׳ חוב׳ | — 30 |
| מחזות ושברי מחזות, ספורים, זילבערבוש | — 80 |
| מנחת ערב, ק׳מן שולמאן | — 40 |
| מערכת טעמי מצוות, דר. רובין | — 20 |
| מקורי העושר או יסוד הכלכלה, ז. וו. מענדלין | — 60 |
| נאר ניט יודיש, סאמועלי, ערצעהלונג | — 05 |
| סאקראטעס דער יודישער פילאזאף, ערצעהלונג | — 20 |
| ס׳ המלים יודיש לשון קדש׳ער ווערטערבוך, הורוויץ | 1 — |
| ס׳ הזכרון, שווארצפעלד, תרגום מכש״ן | — 75 |
| ספר רפואות להרמב״ם | — 75 |
| צבי לכל הארצות, קלמן שולמאן | — 40 |
| קרבנות, א מעשה, מענדלי מוכר ספרים | — 15 |
| קצור דברי הימים, בן־יהודה | — 50 |
| שלמי אמוני ישראל, קובץ מאמרים, בעלינזאהן | 1 — |
| שפה חיה, חלק שני | — 50 |
| שפת ציון, קלמן שולמאן | — 40 |
| שפה אחת, קלמן שולמאן | — 40 |
| תולדות אליהו, ר״א ראנאלער | — 60 |
| תורת החימיא, קאנטאראוויץ | — 50 |
| Вопросъ о евреѣ Д-ра Чернихова | —·25 |
| 3 манитые евреи Д-ра А. Когута выпускъ I. | —·25 |
| Научно-литерат. сборникъ „Будущности" | 2·— |
| Справочная книга по вопросамъ образованія евреевъ (изд. общ. распр. просв.) | 1·75 |

כל המקחים הם לבד פארטא.

Издательство „Ахіасафъ", Варшава.

Verlag. „ACHIASAF", Warschau.



## חברת אחיאסף.

ספרי למוד ומקרא לבני הנעורים:

1) **עברית בעברית**, ראשית למודי שפת עבר ע״פ השטה הטבעית, חבר **י. אפשטיין**.
המיתודה היותר קלה ומועילה ללמוד שפ״ע עם ציורים שונים לשיעורי הלמודים ותוי זמרה לשירי ילדים הבאים בספר.
מחירו 50 ק״פ ועם פארטא 60 ק׳, מכורך יפה 80 ק׳, וע״פ 90 ק׳.

2) **דברי הימים לבני ישראל**, מאת **מ. ברוינשטיין**.
חלק א׳. מימים קדמונים ועד חרבן ביתר, עם ספר מלים בתרגום לשפת רוסיא.
חלק ב׳. מן חרבן ביתר עד דור הרמב״ם.
הספר נדפס באותיות גדולות ומנקדות ובסופו נמצאו שאלות לתלמידים.
מחיר כל חלק 1 רו״כ ועם פאָרטא 1.12 רו״כ, מכורך יפה 1.30 רו״כ ועם פארטא 1.42 רו״כ.

3) **זכרונות לבית דוד**, מאת **א. ש. פריעדבערג**.
ספורים היסטוריים בתולדות ישראל מן חרבן הבית הראשון עד תקופת הרמבמ״ן.
מחיר חלק א׳ 1.54 ר׳ ועם פארטא 1.72 ר׳, מחיר חלק ב׳ והלק ד׳ 1.40 ר׳ כל אחד וע״פ 1.50 ר׳, מחיר חלק ג׳ 1.73 ר׳ וע״פ 1.91 ר׳. עבור כריכה מהודרה יש להוסיף 30 קאפ׳.

4) **„האביב"** ספר מקרא יקר בערכו הכולל מאמרים, שירים וספורים מאת סופרים נודעים. נערך ע״י **י. ח. ראבניצקי**.
מחירו 60 ק׳, עם פארטא 70 ק׳, מכורך 75 ק׳ ועם פארטא 85 ק׳.

5) **שירת הזמיר**, מאת **בוקי בן יגלי**, (דר. י״ל קאצענעלסאהן) ספור לבני הנעורים.
מחירו 25 קאפ׳ וע״פ 30 ק׳.

6) **ה. אנדרסן, ספורים והגדות**, כתובים עברית עם פתח דבר מאת **דוד פרישמאן** (הוצ׳ א. ז. כהן).
מחירו 60 ק׳ וע״פ 70 ק׳, מכורך יפה ע״פ 1 ר׳.

Издательство „АХІАСАФЪ", Варшава.

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr 19

# דער יוד

ציישריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנעמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.5 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

קראקויא, אייר תרס״א. נומר 19 Krakau, 9 Mai 1901.

## צום 5 טען קאנגרעס

II

אויף דעם 2־טען קאָנגרעס שוין האָט עפּיס איינער אַ פרעג געטהון: צי איז ניט אַ סברה דער קאָנגרעס זאָל נ י ט זיין אלע יאָהר? אויף דעם 3־טען קאָנגרעס האָט מען שוין איבער דער פראגע אביסיל דעבאטירט אויך, נאָר מען איז צו קיין טאָלק ניט געקומען, אויף דעם 4־טען קאָנגרעס האָט מען בעשיינפערליך בעשטימט, אַז דער קאָנגרעס דאַרף זיין אָפטער ווי איין מאָל אין 2 יאָהר, נאָכדעם, האָט מען תוך־כדי־דבור בעשטימט, אַז דער קומענדיגער קאָנגרעס זאָל זיין אין אַ יאָהר ארום, דאָס הייסט: ד אָ ס יאָהר טאַקע.

ניט איין מענש נור האָט אויסגעשטעלט אפּאָר פערוואונדערטע אויגען זעהענדיג די הענד פון אונזערע פערשטענדיגע דעלעגאטען אויסגעשטרעקט אין דער הויך, ביי דעם פאָרשלאַג...

אַנגענומען! — האָט מודיע געווען דער פרעזידענט, נאָר קיינעם האָט זיך עפּיס ניט געגלייבט אַז נאָך אַזאַ ליידיגען קאָנגרעס מיט אַזוי ווענינ אינהאַלט, ווי דער פירטער איז געווען, זאָל מען ווייטער צוזאַמענרופען אַ קאָנגרעס, איידער נאָך מען האָט וואָס ס׳איז אויפ־געטהון.

און פאַר אַ קורצער צייט, אַז מען האָט פון וויען מודיע גע־ווען: אַ קאָנגרעס וועט צוזאַמענגערופען ווערען, האָבען מעהרערע פון אונזערע רוסישע מיטגליעדער פון אקציאנסקאָמיטעט געהאַט אַ העזה צו זאָגען, אַז זיי געפינען דעם איצטיגען קאָנגרעס פאַר איבריג; אין עטליכע טעג ארום אָבער האָבען זיי חרטה געהאַט און האָבען גע־זאָגט: מיר זענען מסכים! — ווער ס׳האָט געלייענט די בריף פון פאָסט־ביורא דער ווייס עס...

און בכן, צי מען דאַרף אַ פינפטען קאָנגרעס גראדע יעצט שוין אָדער מען דאַרף ניט — אַ פינפטער קאָנגרעס ו ו ע ט זיין.

און אַ מיטגליעד פון אקציאנס־קאָמיטעט, אַ מענש — ווי עס שיינט מיט אַ גוט־אויג — שרייבט שוין אין איינער פון אונזערע העבראישע צייטונגען אַז „דער קאָנגרעס וועט האָבען אַ גרויסען פּאָלי־טישען ווערט, ווער עס וויל גלויבען, זאָל גלויבען, ווער ס׳וויל ניט גלויבען, דאַרף מען ניט“. קיינער — זאָגט ער — נייטיגט אונז ניט, אַז מיר זאָלען דוקא גלויבען, מען זאָגט אונז נור: וואָס אַרט עס אייך, אָט ווארט, איהר וועט זעהן, וואַרטען און ארויסקוקען זענען מיך דאָך שוין געוואהנט“.

אמת, מיר זענען שוין געוואָהנט צו וואַרטען, אָבער וואַרטען קענען מיר דאָך זיצענדיג אין דער היים אויך... צו וואָס נאָך מאַכען אַזעלכע גרויסע הוצאות און אַזעלכע ווייטע נסיעות? אויף דעם זאָגט דער חבר פון קאמיטעט ווייטער: „מיר מ׳זען האָבען דעם קאָנגרעס, ווייל מיר ווילען שוין אנהויבען וואָס ס׳איז צו ט ה ו ן; מיר דאַרפען ר ע ד ע ן מכה דעם, וואָס די באַנק מעג טהון און וואָס ניט; מיר דאַרפען אפשר ענדערן עטליכע פּאַראַגראַפען אין די תקנות פון באַנק, אונזערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן איז נאָך צו שוואַך“ א. ד. ג.

דאָס איז אַ ווידער־קול פון די פאָראיאָהריגע קולות, וועלכע האָבען זיך געהערט פאַר דעם פיערטען קאָנגרעס: „שיקט דעלעגאַטען! ניט אַהער פיגורען“!.. פון אונז, רוסישע ציוניסטען, ווערט נור דאָס איינע געפאָדערט: „שיקט“, „ניט“ און „פאָהרט“ — אלעס אַנדערע איז ניט אונזער זאַך.

אבער ווי לאַנג וועט מען ענטגעגען אונז יוצא זיין נור מיט אַזעלכע פאָרדערונגען? מיר פאָלגען, מיר וואַרטען, מיר שיקען, מיר פאָהרען, אָבער מיר ווילען, ס׳איז על כל פנים שוין צ י י ט אַז מיר זאָלען ווערען, וויסען: צוליעב וואָס דאָס אלצדינג?

אויב מען דאַרף און מען וויל ווירקליך עפּיס ענדערען אין די תקנות פון באַנק; אויב ס׳איז דאָ עפּיס אַ מין פלאַן וואָס צו טהון, פאַר וואָס איז מען שוין ניט מודיע, וו אָ ס מען דאַרף ענדערן, וו אָ ס מען דאַרף טהון, כדי מיר זאָלען בייצייטען, יעדע חברה, יעדע שטאָדט, ביי זיך אויף אָנ׳אָרט זיך קענען בעראָטהען, נאָכדענ־קען, וואָס און ווי אַזוי אויף דעם קאָנגרעס זיך צו בעגעהן? ס׳וועט דאָך זיין אַ אונערהערטע עוולה, אויב מען וועט דעם 5־טען קאָנגרעס ווייטער אויספילען מיט פוסטע רעדען גאַנצע צוויי טעג — איבער דער לאַגע פון די יודען אין פערשיעדענע לענדער, וועלכע זענען געבויט אויף פאַנטאַזיעס און פאָעטישע שילדערונגען, וואָס קריכען אונז שוין פון האלז; אָדער מען וועט אונז קאָרמען מיט שפּאַציער־גיינג און באַנקעטען, אָדער מיט דעבאַטען און רבנישע וכוחים איבער דער פערשלייערטער קולטור — וואָס זיי ווייסען נעביך ניט וואָס זי איז — ווי ס׳איז געווען אויף דעם 4־טען קאָנגרעס...

מען זאָגט: „אונזער ציוניסטישע ארגאַניזאַציאָן איז נאָך צו שוואַך“. וועלכע אָרגאַניזאַציאָן? אויב די אָרגאַניזאַציאָן פון די ציוניסטען אין פערשיעדענע לענדער, אויף אַנ'אַרט, אין זייערע לענדער, די אָרגאַניזאַציאָן קען ניט און וועט ניט געשאַפען ווערען אויף דעם קאָנגרעס. די יודען אין פערשיעדענע לענדער געפינען זיך אין פערשיעדענע תנאים, און נור אין יעדען לאַנד בעזונדער קענען זיך די ציוניסטען פאַר זיך אָרגאַניזירען. אט אזוי האָבען עס געטהון די רוסישע ציוניסטען, אט אזוי די אַמעריקאַנישע, פראַנצויזישע, ענגלישע און אַן דער לעצטער צייט די עסטרייכישע — די אָרגאַניזאַציאָן האָט ניט צום קאָנגרעס. אויב מיר זעהען אז די ציוניסטען אין רוסלאַנד, צום ביישפיעל, זענען ניט גוט אָרגאַניזירט, זענען צוויי סבות דערביי: ערשטענס פערשטעהט נאָך דאָס פאָלק ניט, ווי וויכטיג עס איז ביי יעדער זאַך, ביי יעדער פאָלקס־ארבייט אַנ'אָרגאַניזאַציאָן, דעריבער וויל זיך יעדער חברה'שקע זיין אַ בעל־הבית'טע פאַר זיך, וויל ניט שטעהן אין פערבינדונג מיט דעם צענטר; דעריבער קומט עס צו מחלוקת צווישען פרומע און ניט פרומע ציוניסטען, צווישען אַלטע און יונגע א. ד. ג. און צווייטענס פעהלט אונז איבערהויפט אַ יסוד, אויף וואָס די אָרגאַניזאַציאָן זאָל זיך אָבשפּאַרען; עס פעהלט אונז דער פאָרעם, מיט וועלכען מיר זאָלען קענען צונויפשנורעווען, צונויפקניפען און צוזאַמענהאַלטען דאָס פאָלק אָדער די ציוניסטען.

די ביטערע פראַקטיקע האָט אונז געוויזען, אז דאָס וואָס יעדערער גיט אַ שקל בינדט איהם נאָך זעהר ווייניג צו צו אַלע איבריגע שקל־געבער, האָטש אַלע געבען, דאַכט זיך, דייערע שקלים צו איין צוועק. בעצאָהלט דעם שקל און פערטיג, אוים מחותן. ס'ליגט איהם אין קאָפּ אַלעס, וואָס איהר ווילט, נור ניט דער ציוניזם; און וואָס זאָל ער טראַכטען פון ציוניזם? ארומגעהן און קוקען אויפ'ן הימעל?.. קיין גרעסערער כח, קיין בעסערער קליי, ליגט אין די אקציעס אויך ניט... מען וועט נאָך צעהנדליגע יאָהרען צאָהלען שקלים. נאָך צעהנדליגע טויזענד אַקציעס קויפען, און דאָס פאָלק וועט נאָך אַלץ בלייבען ניט א־גאַניזירט. דאָס לערנען „חומש“ צוזאַמען אָדער אפילו „יודישע געשיכטע“ בינדט אויך עפּיס ווייניג וואָס צוזאַמען די תלמידים. ס'איז קיין נייעס ניט. ווען אָדער וואו איז ניט געווען ביי יודען קיין פערשיעדענע חברות צו לערנען פערשיעדענע זאַכען? און וואו איז די אחדות? ווי אַ פּינעל אריבערגעפלויגען איבער דעם דאַך!..

און כל זמן מיר וועלען ניט האָבען אחדות. כל זמן מיר וועלען ניט האָבען דאָס פאָלק אָרגאַניזירט, כל זמן די איינצעלנע יודען וועלען זיך ניט פיהלען צונויפגעבונדען, וועלען ניט האָבען באמת, שוין טאַקע יעצט, קיין אַלגעמיינע אינטערעסען, וועלען מיר ניט האָבען מיט וועמען צו רעדען; וועלען מיר בעשטימען דאָס אָדער יענץ, אָבמאַכען אַזוי צי אַזוי, מאַכען קאָנגרעסען אין באַזעל אָדער מעבר־לים, איינמאָל אין צוויי יאָהר אָדער צוויי מאָהל אַ יאָהר, וועט זיך שטענדיג אַלצדינג טהון אהן הענד, וועט זיך תמיד אַלצדינג שלעפּען ווי פון פעך, וועט תמיד אַלצדינג בלייבען פאַפּיער, אין די פּראָטאָקאָלען און אין די צייטונגען, אָבער שווערליך וועלען מיר עטוואָס דערפון אין לעבען געפינען...

# פעלעטאָן.

## ל״ג בעומר

(אַ מעשה פאַר יודישע קינדער)

אויסגעבעסערט און איבער אַ נייעס איבערגעאַרבייט

פון

שלום־עליכם.

א.

— אנו, קומט נור אהער, קינדער, איך בעדאַרף אייך עפּיס זאָגען אַ נייס! — אזוי רופט זיך אָן צו אונז אַ טאָג פאַר ל״ג בעומר דער רבי רב יודיל מלאך־המות, און מיר שטעלען אויף מויל און אייערען, וואָס וועט אונז עפּיס דער רבי זאָגען פאַר אַ „נייס“?

איך זעה, ווייסע חברה'ניקעס, אז איהר ווילט איך זאָל אייך דאָ אבמאָהלען מיין רבי'ן וואָס פאַר אַ פנים ער האָט — טהו איך אייך צוליעב; נאָר בתנאי איהר זאָלט מיך ניט קוועטשען, פאַר וואָס מע האָט איהם גערופען מיט'ן נאָמען „מלאך־המות“. אַ קלוג יונגעלי וועט זיך אַליין שטויסען פאַר וואָס: מחמת מיר האָבען פאַר איהם מורא געהאַט ווי פאַר אַ מלאך־המות. וועט איהר דאַך פרעגען פאַר וואָס האָבען מיר פאַר איהם מורא געהאַט ווי פאַר אַ מלאך־המות? מחמת ער פלעגט אונז שמייסען מיט אייזערנע ריטער ביז בלוט זאָל גיין. אי פאַר וואָס האָט ער אונז געשמיסען מיט אייזערנע ריטער ביז בלוט זאָל געהן? מסתמא האָבען מיר פערדיענט, מיר האָבען נישט געוואָלט לערנען... למאי האָבען מיר נישט געוואָלט לערנען? מסתמא זענען מיר געווען גרויסע שקצים... הקצור ס'איז דאָך אַ מעשה אָהן אַ סוף — מע האָט איהם גערופען „רב יודיל מלאך־המות“, און זייט זיכער, אַז ער האָט דעם נאָמען פערדיענט כשר, האָטש אויסזעהען האָט ער אויסגעזעהען דוקא נישט ווי אַ מלאך המות: אַ קליינס, אַ נידעריגס, אַ טרוקענס ווי גרוגרת דרבי צדוק, ווי אַ פייג הייסט דאָס; דאָס פנים טונקעל גרין געלבליך ווי אַ פאַראַיאָהריגער לולב, און געקנייטשט ווי אַ מצה שמורה; די באַקען איינגעפאַלען, אַ בערדיל קוים קוים וואָס עס שפּראָצט, אי דאָס נור ערטערווייז; אַ נאָז, זעהט איהר, נראָד אַ היבשע; הויבט זיך אָן דין און לאָזט זיך אוים גראָב, און אויסגעבויגען ווי אַ שופר; און אין גאָרגעל אַ קנאָפּ, וואָס גליטשט זיך אַראָב און ארויף, גלייך ווי עס וואָלט ארומגעלאָפען דאָרטען אינווייניג אַ מייזיל...

— וואָס פאַר אַ טאָג האָבען מיר מאָרגען? — פרעגט אונז דער רבי מיט אַ נגון, בייגט איין דעם קאָפּ און מאַכט צו איין אייגיל.

— ל״ג בעומ־־ר! — שרייען מיר אוים אַלע אין איין קול, ווי די ציגעליך, אז זיי שרייען „מעעע!“...

— וואָס איז ל״ג בעומר? — פרעגט ער אונז ווייטער מיט'ן אייגענעם נוסח.

— דריי און דרייסיג טאָג אין דער ספירה — ענטפערען מיר איהם.

— וואָס טהוען חדר יונגליך ל״ג בעומר?

— חדר יונגליך ל״ג בעומר לייגען זיך צונויף אַלע אינאיינעם און מאַכען אַ סעודה.

— וואָס נאָך טהוט מען ל״ג בעומר?

— מע נעמט די „פיילענבויגענס“ מיט די „ראַדביקסליך“ און מע גערט געוואָפּענט מיט כלי זין און מיט געזאַנג ווייט ווייט אונטער'ן שטאָדט ארוים.

— אָט אזוי, — רופט זיך אָן דער רבי און עפּענט אויף דאָס אייגיל — אָט אזוי האָב איך אייך ליעב; אָט אזוי זענט איהר וואוילע יונגליך; און דערפאַר לאָז איך אייך אָב פריי במעט אויף אַנדערהאַלבען מעת לעת.

דערהערט דאָס וואָרט „פריי“ און נאָך „אויף אַנדערהאַלבען מעת לעת“, טהוען מיר אַ שטעה אויף אַלע פון די ערטער, און ווילען זיך לאָזען לויפען אַהיים; נאָר איין קוק פון'ם רבי'נס קליינע אייגעליך איז גענוג, אז מיר זאָלען בלייבען צונעקאָוועט צו אונזערע ערטער.

— אַהאַ! — רופט זיך אָן דער רבי — שוין נאָר מיט איין אַנדער נוסח — זעה נאָר זעה! שוין פאַרטיג אויפ'ן פּידפּאַליק!? איהר האָט נור

מיינען מענשען מיט גוטע־אויגען, אז אונזערע קאָנגרעסען — ווי זיי זענען, מיט דעלעגאַטען וואָס זענען ווילד פרעמד דעם ציוניזם, מיט אונפערשטענדניס פאַר פאָלקס־ווירטשאַפט — זענען איס שטאַנד אונז צו שאַפען דעם יסוד פאַר די פאָלקס־אָרגאַניזאַציאָן, האָבען זיי במחילה אַ גרויסען טעות.

דער קאָנגרעס — ווי ס'איז בעוואוסט — קען נור קאָמיסיעס קלייבען, און קלייבען מיט גרויס נעשיק, אזוי אַז די געקליבענע חברים פון די קאָמיסיעס זאָלען, אפילו ביי זייער בעסטען ווילען, ניט קענען טהון קיין האַנד אין קאַלט וואַסער. והראיה — מען זעהט דאָך: „קולטור־קאָמיסיאָן" — איין חבר אין נויאָרק, דער אַנדערער אין לאָנדאָן, דער דריטער אין וויען און דער פירטער אין סווינצאָן... סאָציאַל־פּאָליטישע קאָמיסיאָן: איין חבר אין אדעסע, דער אנדערער אין ליבאַווע, דער דריטער אין ברין (מעהרען) און אזוי מיט אַלע איבריגע קאָמיסיעס... אַזוי קלייבט מען די קאָמיסיעס אויף די טעג פון אַ גאַנ'ץ יאָהר...

אלזאָ, וועגען שאַפען אויף דעם קאָנגרעס, ווי ער איז, אַ יסוד פאַר פאָלקס־אָרגאַניזאַציאָן איז אונמעגליך... אפשר די **אַלגעמיינע** ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן? אפשר דאָס צוזאַמענקניפען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון פערשידענע לענדער אין איינעם — דאָס מיינט מען זאָל טהון דער קאָנגרעס?

**ווערטער!** קיים איז די אָרגאַניזאַציאָן אין לענדער שוואַך, קיים פיהלען זיך ניט צונויפגעבונדען די רוסישע ציוניסטען טאַקע מיט די רוסישע, אַמעריקאַנישע מיט אמעריקאַנישע און ענגלישע מיט ענגלישע — ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען אויף דעם פאָראָיאָהריגען קאָנגרעס — טאַ ווי וועט מען צוזאַמענקניפען רוסישע ציוניסטען מיט אַמעריקאַנישע א. ז. וו.?

ש. ראָזענפעלד.

---

## פּאָליטישע איבערזיכט.

דער חשבון פון די הוצאות און הכנסות אין רוסלאַנד.— קאָרעא.— דער מאַקעדאָנישער קאָנגרעס.

דאָס רוסישע פינאַנץ־מיניסטעריום האָט אַרויסגעגעבען דעם חשבון פון די הוצאות און הכנסות פאַר דעם פערגאַנגענעם יאָהר 1900. נאָך דעם חשבון שטעלט זיך אַרויס, אַז דער האַנדעלסקריזיס, דער הונגער אין דרום־רוסלאַנד און די מלחמה אין חינא האָבען ניט פערפעהלט זייער ווירקונג אויף די פינאַנסען פון לאַנד, זיי האָבען ווינציגער געמאַכט די הכנסות פון איינינע פונקטען אין בודזשעט און פערקלענערט אויף 162 מיליאָן די פרייע סומען פון דער רוסישער קאַזנאַטשייסטווא. בעת אין יאָהר 1895 האָבען די פרייע סומען פון דער קאַזנאַטשייסטווא דערגרייכט די סומע פון 355 מיליאָן רובל, זענען זיי איצט נור 50 מיליאָן. אַ גרויסער טהייל פון די פרייע סומען איז אויסגעגעבען געוואָרען אויף צאָהלען הובות און אויף אויסקויפען אָדער בויען אייזענבאַהנען־הוצאות, וועלכע וועלען זיך מיט דער צייט אומקעהרען, ווייל די הכנסות פון די אייזענבאַהנען הויבען אָן אין רוסלאַנד צו וואַקסען פון יאָהר צו יאָהר.

---

דערהערט דאָס וואָרט פריי, האָט איהר שוין פערגעסען דעם עול פונ'ם חדר און זענט שוין גרייט צו שפרונגען ווי די ווילדע צאפעקליך האָץ — האָץ! — זאָג איך אייך אָן, טאָמער חלילה... איהר ווייסט דאָך שוין וואָס איך מיין? לאָס איך זעהען אויף עמיצען פון אייך אַ רים אויף דער קאַפאָטע, אָדער אַ דראָפ אויפ'ן פנים, אָדער אַזוי עפּיס אַ סימן פון שקצ'עריי מאַך איך פון אייך...

דער רבי רב יודיל נעמט אַרויס דעם קאַנטשיק פון דער גמרא "מסכת מכּות" און מאַכט צו אונז אַזוי:

— ווייסט איהר וואָס, קינדער? וואָס טויג אונז ווערטער? מוסר? שטראָפעריי? נאַרישקייטען! איהר וועט דאָך מיך **געוויס** ניט פאָלגען, וועל איך דאָך אייך נאָכדעם **געוויס** דאַרפען שמייסען; אַ מעהר לייגט זיך שוין איינציגווייז אַנירער, לאָס איך אייך געבען לעת עתה צו עטליכע שמיצליך, איין אדערויף הייסט דאָס... אי וואָס? טאָמער וועט דאָס זיין קאַרגליך? האָט קיין יסורים ניט: אם־ירצה־השם נאָך ל״ג בעומר וועל איך אייך, נישקשה, פערבעסערען... נו, חברה, מאַכט ושע ניט, איך בעט אייך, קיין לאַנגע שיהות, הויבט אָן שפּיליען הייזליך, איין עבירה די צייט, דער טאָג שטעהט ניט!...

און דער רבי בעטראַכט די ריטליך פונ'ם קאַנטשיק גאַנץ רוהיג, ווי מע בעטראַכט אַ שטיינער ערב שבת די פאָדעם פון די ציצית אינ'ם טלית קטן; ער גלייכט זיי אויס, פרובט זיך פריהער מיט זיי אַביסיל אויף דער לופט; נאָכדעם שטעהט ער אויף, געהט צו צו דער לאַנגער באַנק, נעמט אַ גוטען שמעק טאַבעקע און איז אָנגעברייט צו דער אַרבייט... מיר לאָזען זיך לאַנג נישט בעטען, ווי יצחק בשעת אברהם אבינו האָט איהם געפיהרט צו דער עקדה... מיר שטעהען אויף איינציגווייז און געהען צו דער באַנק, ציהען אַראָב די הייזליך און לייגען זיך אַנידער שטיל, אָהן ווערטער, דאָס העמדעלע אַרויף, מיט'ן פנים אַראָב, ווי איינער רעדט: "נאַט אייך, רבי לעבען, דאָס וואָס איהר האָט געוואָלט"...

— אָט אַזוי, יוסילע, האָב איך דיך ליעב, — מאַכט צו מיר דער רבי, און שענקט מיר עטליכע גרינגע שמיצליך דערפאַר, וואָס איך האָב מיך געלייגט דער ערשטער — אָט אַזוי קעצעלע: איינס... צוויי... דריי... פיער... פינף... זעהסט דו? אַ יאָ אַז דער רבי שמייסט אָב ווערט מען גאָר איין אַנדער מענש?... אַצונד, מאָטעלע — מאַכט ער צו מיין ברודער מאָטיל — קום ניר דו אַהער!... די "יוסעליך" מיט די "מאָטעליך" האָב איך ליעב דערפאַר וואָס זיי לאָזען זיך נישט לאַנג בעטען, זיי אַז מע זאָגט ליינ זיך לייגען זיי זיך... שמואל'קיל, נשמה מיינע, ליג ליג, נאַרעלע, עס וועט לאַנג נישט געדויערען, נישט מעהר זאָל דער יודישער גלות געדויערען!... און דו, לייבעניו, וואָס געדויערט ביי דיר אַזוי לאַנג דאָס צעשפּיליען זיך? מאַך עס בקצור!... אברהמ'לע, מיין טהייערס, דיר בין איך שולדיג אַ חוב נאָך פון נעכטען. עס וועט שוין זיין ביי אונז א'נאַיינעם איין רעכענונג... שימעלע! וואָס מאַכט עפּיס די צינ, וואָס דו ביזט געפאָהרען אויף איהר רייטענדיג? דו מיינסט אַז איך האָב שוין פערגעסען?... הערשיל דער קליינער! זאָג הערשיל דעם גרויסען, ער זאָל זיך מטריח זיין פערקאַטשען דאָס העמדיל, נישקשה, דאָ זענען גאָלע מאַנסבלין... קום נור אַהער, טאָפּעלי טוטאַריטוטו! האָב קיין פאַראיבעל ניט וואָס איך בין דיך מכבד מיט "אחרון", דער טאַטע דיינער דער שמש איז נישט געוואוינט געוואָרען צו גרעסערע כבודים...

אָבגעשמיסען קאָפּלין אויך, גלייכט זיך דער רבי אויס די ביינער, נעמט זיך מיט'ן גראָבען פינגער בייס גאָרגעל אויפ'ן חזנ'ישען שטייגער, און זינגט אויס מיט'ן נגון וואָס מע רופט אויף אַ חתן, און ציקעלט זיך בשעת מעשה, פונקט ווי רב הערש־בער דער חזן:

— יעמוד — התן — רב — יום — טוב — ליפמאַן — ב״ר — שלום — אייזיק מפ — טיר!... נישקשה, שעם זיך ניט, רב ליפאַ, דו ביזט טאַקי אַ בר־מצוה יונגיל, און אַ חתן דערצו, מיט אַ זיינער און מיט אַ זילבערנער קאַפּערטע, נאָר פון דעסטוועגען, איינס צום אַנדערען געהער זיך ניט אָן, לכבוד ל״ג בעומר מעגסט דו זיך מטריח זיין אַנידערלייגען אָט דאָ אויפ'ן ביינקיל, איך וועל דיר חלילה קיין שלעכטס ניט טהון, איך וועל דיך נור אָבשמייסען, מעהר נאָר נישט!... איך בין דיר ערב, אַז ביז דער חתונה וועט זיך פערהיילען... ליפאַ, ליג גלייך, ליפאַ, מאַך ניט קיין אַנשטעלען, איך האָב קיין כח ניט צו באָרען זיך מיט אַזאַ בחור'עק ווי דו!... אָט אַזוי, לאָז אייך וואויל בעקומען!... אצונד פערשפּיליעט זיך גאַנץ פיין, קינדערליך,

געוועהנליכע הכנסות זענען געווען אין דעם פֿערגאַנגענעם יאָהר 1700 מיליאָן, מיט 29 מיליאָן מעהר ווי אין דעם יאָהר 1899 און מיט 137 מיליאָן רובל מעהר פֿאַר די הוצאות.

אויף אויסערגעוועהנליכע הוצאות זענען געווען בעשטימט נור 192 מיליאָן, עס איז אָבער אויסגעגעבען געוואָרען 332 מיליאָן (חוץ די בעשטימטע 192 מיליאָן, רעגירונגס-חובות 50 מיליאָן, אייזענבאַהן 28 מיליאָן, די מלחמה אין חינא 62 מיליאָן). דער דעפיציט צווישען די הוצאות און הכנסות איז גדעקט געוואָרען פֿון די פֿרייע סומען.

גרעסער איז געווען די הכנסה אין פֿערגלייך מיט דעם פֿער־גאַנגענעם יאָהר פון אייזענבאַהן אויף 15 מיליאָן, פֿון ספירט אויף 7 מיליאָן, פֿון טאַבאַק 2 מיליאָן א. ז. וו. קלענער איז געווען די הכנסה אין פֿערגלייך מיט דעם פֿערגאַנגענעם יאָהר פֿון די טאַמאָזשנעס אויף 15 מיליאָן, פֿון אָבצאָהלונגען אויף ערד אויף 7 מיליאָן, פֿון צוקער אויף 4 מיליאָן א. ז. וו.

דער חשבון פֿון פֿינאַנץ־מיניסטעריום ווייזט אויף ווי גרויס עס וואַקסט די הכנסה פֿון ספירט־מאָנאָפּאָל. אין 1895־סטען יאָהר, בעת די מאָנאָפּאָל איז נור וואָס איינגעפֿיהרט געוואָרען, האָט זי געגעבען הכנסה 11 מיליאָן, אין 96־סטען יאָהר — 28 מיליאָן, אין 27־סטען — 52 מיליאָן, אין 28־סטען 102 מיליאָן, אין 99־סטען 111 מיליאָן, אין יאָהר 1900 — 118 מיליאָן, כעת פֿאַר דער מאָנאָפּאָל האָט די רעגי־רונג געהאַט הכנסה פֿון ספירט דורכשניטליך 278 מיליאָן רובל אַ יאָהר.

די פֿערהאַנדלונגען, וואָס זענען געווען צווישען דעם פֿראַנצויזישען מיניסטער דעלקאַסע מיט דער רוסישער רעגירונג אין פּעטערבורג, זענען נאַטירליך געבליבען בסוד, נור איין זאַך איז איצט קלאָר, אז עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרען צוזאַמען איין פּראָגראַם פֿאַר די ווייטערדיגע פּאָליטיק אין חינא און אין קאָרעא. דאָס לעצטע אָנגערופֿענע לאַנד ליגט צווישען סיביר און חינא געגען די יאַפּאַנישע אינזעלן. יאַפּאַן, רוסלאַנד און ענגלאַנד סטאַרען זיך שוין פֿון לאַנג אָן צו פֿערשטאַרקען זייער איינפֿלוס אין דער קאָרעאישער מלוכה, אָבער די קנאה און שנאה צווישען זיי, כל זמן יעדע מלוכה איז אין איהר פּאָליטיק געגאַנגען פֿאַר זיך, האָבען קיינעם ניט דערלאָזען זיך צו פֿערשטאַרקען אין קאָ־רעא. איצט איז צוגעקומען אַ נייע מלוכה, וועלכע הויבט זיך דאָרט אָן צו מישען. דאָס איז פֿראַנקרייך. ניט קוקענדיג אויף די פּראָטעסטען פון יאַפּאַן און די העטצערייען פון ענגלאַנד, האַלטען רוסלאַנד און פֿראַנקרייך ביי דורכפֿיהרען אַ הלואה פֿאַר די קאָרעאישע מלוכה, צו־ליעב וועלכע פֿראַנקרייך קריגט דאָס רעכט צו בויען אייזענבאַהנען אין קאָרעא. די קאָרעאישע אייזענבאַהן וועט פֿעראייניגען די סיבירישע אייזענבאַהן מיט דעם ים און וועט דורכשניידען גאַנץ קאָרעא. פֿאַר רוסלאַנד האָט די אייזענבאַהן אַ גרויסען ווערטה, ווייל זי קריגט איין אָפֿענעם און נאָהנטען וועג צום ים. צוגלייך ווערט אויך שטאַרק גערעדט, אז רוסלאַנד נעמט אין אַרענדע ביי קאָרעא אַ פּאָרט ביים ים. ווען יאַפּאַן און ענגלאַנד האָבען געמוזט מיט זייערע פּראָטעסטען ענטשווייגען ווערען געגען די רוסישע פּאָליטיק אין מאַנדזשוריען, וועלען זיי איצט מיט זייערע פּראָ־טעסטען נאָך וועניגער אויספֿיהרען, ווייל אין קאָרעא געהט רוסלאַנד

---

וואַשט די הענד און דאַווענט אייך אָב מנחה און — מאַרש אַהיים; נאָר שטיל, פֿיין, שיין, אַזוי ווי איך האָב ליעב... און אם־ירצה־השם איבער־מאָרגען גאַנץ פֿריה זאָלט איהר מיר זיין אָט דאָ אַלע אויפֿ'ן אָרט. נאָר ווי עס געהער צו זיין, פֿיינטשיק! איהר האָרכט וואָס מע רעדט צו אייך? לאָס איך זעהען אויף עמיצען אַ שפּריינקעלע! אַ האָר!... אַ נוטע נאַכט, געהט געזונד, און האָט אייך אַ פֿריילינען יום־טוב!

---

ב.

אויף מאָרגען האָט גאָט אַרויסגעצויגען די זון פֿון איהר פֿיטערפֿאַס און האָט אונז געשענקט אַ שענעם, אַ ליכטיגען, אַ פֿריילינען זומערטאָג, איינעם פֿון יענע שענע ליכטיגע זומערטעג, וואָס אפילו אין דעם פֿינסטערען ווינסטען מאָזעפּעווקע, וואָס ליגט ביים טייך "שטונקיילאַ", איז די לופֿט שמעקענדיג פֿריש, מחיה נפשות; דער הימעל איז לויטער בלוי; די פֿיי־געליך זינגען: עס גליסט זיך אין דרויסען אַרויס, אויף דער לופֿט, עס ציהט אַהין ווייט ווייט פֿון דער בלאָטיגער שטאָדט אַרויס, דאָרט וואו עס שפּראָצט אַ גרעזעלע, און די ביימער זענען בעדעקט מיט גרינע בלעטעליך, דאָרט וואו גאָטס פֿייגעליך טאַנצען און שפּרונגען, פּישטשען און זינגען... אין יענעם פֿריהמאָרגען האָבען מיר זיך געחאַפּט, איך און מיין ברודער מאָטיל, אויפֿ־שטעהן וואָס פֿריהער, אָבדאַווענען וואָס גיכער, נעמען דעם אָנבייסען מיט זיך — און מאַרש צו ליפּא שלום־אייזיקס! וואָס עפּיס צו ליפּא שלום אייזיקס? ווייל ערשטענס איז ליפּא שלום אייזיקס דער עלטערסטער פֿון תלמידים, אַ בר־מצוה יונגיל און אַ חתן דערצו מיט אַ זייגער און מיט אַ זילבערנע קאַפּערטע; און צווייטענס איז דאָרט פֿאַראַן אַ הויף אַ גרויסער וואָס דאָרט פֿלעגען מיר פֿערברענגען דעם אַנדערען האַלבען טאָג פֿרייטאָג, שפּרונגען אויף איין פֿוס, שפּיעלען אין "קוציבאַבע", אין "עקעך און מקח", אָדער אין "קאַמערקאַמערהויז"; אָדער אין "בעהעלטערלין", אָדער אין "טרעפֿעגישען"...

אז מיר זענען געקומען, איך און מיין ברודער מאָטיל, צו ליפּא שלום אייזיקס, האָבען מיר שוין דאָרטען געטראָפֿען די גאַנצע חברה — (אַרום און אַרום זענען מיר געווען פֿיער און פֿערציג פּאַרשוין, תלמידים פֿון צוויי חדרים: פֿון רב "יודיל מלאך־המות" און פֿון רב "אפרים תלין").

— אָט זענען שוין די "יוסעליך" מיט די "מאָטעליך" אויך דאָ! ווייזט וואָס האָט איהר געבראַכט? — רופֿט זיך אָן ליפּא שלום־אייזיקס, און ער הויבט אָן צונויפֿנעמען די מתנות וואָס יעדער האָט געבראַכט צו דער סעודה און אויסרופֿען אויף אַ קול איטליכען צום נאָמען.

— מענדיל, מע מעג עסען פֿון דיין פֿענדיל! אַנו ווייז וואָס האָסט דו דאָרטען? צוויי אייער ביינעל, אַ שטיק לעקעך, 1 איי מיט 6 גראָשען.

— איציק שפּיציק נאָדעל טעשיל! געה אין קלייט חאַפּ אַ פֿלעשיל! עפּיס זעה איך ביי דיר קיין ען הרע ניט אַ גאַנצער אוצר: 2 קיכליך, 3 אייער, אַ שטיק דאַרע קישקע, עטליכע צוקערלעקעכליך מיט מאַנדעל־ביינעליך און האָזענע ניסליך עפּיס נאָר אַ גוזמא — אהאַ און נאָך צעהען גראָשען דערצו — מאָלאָדיעץ!...

— יענקעלע — ביינקעלע — פֿלעשעלע — בול־בול־בול! בעוויז זיך אַרויס מיט דיין נוטס: אַ בולקע אַ גאַנצע, אַ פֿערטיל עוף, אַ גלעזיל געגע־וענשמאַלץ, וואָס איז דאָס? אַ פֿלעשיל מעד? — הערסט דו, ביזט דאָך עפּיס נאָר אַ מזיק, כלעבען!...

— משה'לע — שטייסעלע — קלאָפּ אין שול, אַלטע ווייבער שלאָפֿען! קום נאָר אַהער, האָסט געבראַכט בראָנפֿען? האָב איך דיך ליעב, וואַרום וואו האָט איהר געזעהען אַ "סעודה" אָהן בראָנפֿען?...

— אָבי — פֿאָטער, קלמן — טאָטער, טאָטער — קלמן, שניאָר — זלמן! זלמן שניאָר, שלאָף אין שלייער! בעוויז, בעוויז, שעם זיך ניט, אַ האַלב איי סך־הכל?... אַ שטיקיל ברויט מיט האָניג?... אויך אַ מטבע! געב אַהער, נישקשה, עס מאַכט ניט אויס. דערויף איז דאָס ל"ג בעומר, אַ שותפֿות־דיגע סעודה!...

— טאָפּעלי טוטאַריטוטו *) ווייז וואָס האַלטסט דו דאָרטען? אַ טאָפּיטע מיט אַ שטיטיל בולטע מיט אַ טעפּיל טנאָביל, וואָס האָט דיר די מאַמע אַזוי ווינציט דערעבען?... ליפּא שלום־אייזיקס מאַכט איהם נאָך

---

*) קאָפּיל קוקאַריקו — קען ניט אויסרעדען קיין "קוף".

אין איהר פּאָליטיק צוזאַמען מיט פֿראַנקרייך, וועלכע איז פֿעראינטערעסירט צו פֿערשטאַרקען איהר איינפֿלוס אין דעם דאָזיגען לאַנד.

די פּאָליטיק איז פֿערנומען מיט אזיען און אפריקא און זי שענקט נאָך אַלץ צו וועניג אויפֿמערקזאַמקייט די אייראָפּעאישע פֿראַגען. איינע פֿון זיי איז די מאַקעדאָנישע פֿראַגע. מיר האָבען שוין געהאַט די געלעגענהייט אויספֿיהרליך צו רעדען איבער די ציעלען פֿון דער מאַקעדאָנישער בעוועגונג און פֿון דעם מאַקעדאָנישען קאָמיטעט. נאָכדעם ווי די חברים פֿון דעם קאָמיטעט זענען אין באַלגאַריען אַרעסטירט געוואָרען און נאָכדעם ווי באַלגאַריען און טערקיי האָבען אָנגעהויבען צו רודפֿ'ען די חברים פֿון דער מאַקעדאָנישער פּאַרטיי, האָבען די חברים צוזאַמענגערופֿען אין סאָפֿיא (אין דער הויפּטשטאָדט פֿון באָלגאַריען) אַ קאָנגרעס, כדי אויסצוקלויבען אַ נייעם קאָמיטעט און כדי אויסצואַרבייטען איין נייעם פּראָגראַם. אין דער צייט פֿון קאָנגרעס זענען געווען גרויסע פֿאָלקס־פֿערזאַמלונגען, אין וועלכע מען האָט פּראָטעסטירט געגען די באָלגאַרישע רעגירונג און געגען די פֿ־עמדע מלוכות, וועלכע מען האָט צו פֿערדאַנקען מיט דעם אַ־עסט פֿון דעם פֿ־יהערדיגען קאָמיטעט. אויף דעם קאָנגרעס איז בעשלאָסען געוואָרען זיך אָבצוזאָגען פֿון דער רעוואָלוציאָנספּאָליטיק, וועלכע מען האָט געפֿיהרט ביז איצט און איבערצוגעהן צו אַ פֿריעדליכער פּאָליטיק. די וויטערדיגע אַגיטאַציאָן וועט געפֿיהרט ווערען ניט מיט רציחות, נאָר דורך רעדען און שריפֿטען. דער נייער מאַקעדאָנישער קאָמיטעט זאָגט זיך אָב פֿון דעם געדאַנק אַרויסצורופֿען אַ בונט אין מאַקעדאָניען, כדי אָבצורייסען דאָס לאַנד פֿון טערקיי, נאָר ער פֿערלאַנגט, אַז די טערקישע רעגירונג זאָל די קריסטליכע איינוואָהנער פֿון לאַנד געבען מעהר פֿרייהייט און גרעסערע רעכט. צו דעם צוועק האָט דער קאָנגרעס בעשלאָסען צו שיקען אַ דעפּוטאַציע צו אַלע אייראָפּעאישע מלוכות, כדי אויסצווירקען ביי זיי זייער הילף אין דער מאַקעדאָנישער פֿראַגע.

י. ל.

---

# ל. פּרץ.

III.

איידער מיר וועלען אָנהויבען רעדען וועגען פּרץ'ס ווערק, מוזען מיר אין קורצע ווערטער איינווייזען ווי נייטהיג און וויכטיג עס איז די שענע ליטעראַטור, די פּאָעזיע פֿאַר יעדער מענשליכע געזעלשאַפֿט.

נאָך ביז היינטיגען טאָג קוקען אַ סך פֿון די יודישע לעזער אויף אַ פּאָעטיש ווערק, אויף אַ גוט ליעד, אַ גוטע ערצעהלונג, ווי אויף אַ פּוסטע זאַך, מיט וואָס מען צושלאָגט זיך נור די צייט.

דאָס איז אַ שרעקליכע טעות! מען דאַרף וויסען דאָס דער אמת'ער פּאָעט האָט אין זיין ערצעהלונג, אָדער אין זיין ליעד אויסגענאָסען אַ טהייל פֿון זיין נשמה, גוטע ראָמאַנען, גוטע פּאָעזיע שרייבט מען נור מיט בלוט און מיט נערווען. דער קינסטלער, וואָס שילדערט און צוגליעדערט דאָס מענשליכע לעבען, זעהט קלאָרער און פֿיהלט טיעפֿער, ווי דער געוועהנליכער לעזער. אין דער שענער ליטעראַטור איז ניט דאָס מעשה'לע, ניט די אינטריגע וויכטיג, נאָר די געשטאַלטען, אָדער די סבות אַרום, וואָס האָבען געבראַכט דערצו. יאָהרען לאַנג קוקט זיך צו דער פּאָעט צו די פֿערבאָרגענע ליידען און פֿריידען, צו די בעהאַלטענע סבות פֿון מענשלי־

---

ווי ער רעדט מיט דער „טוף" און חברה קאַטשען זיך פֿאַר געלעכטער, און קאַפּיל אַליין לאַכט אויך.

— יואליק—בייליק האָט דעם גרעסטען חלק! דו ביזט דאָך עפּיס אַ נגיד'ס אַ יונגיל, ביי דיר קעהר אוודאי זיין אַ גאַנצער אוצר פֿון בצים און פֿון שמאַלץ, פֿון וויין און פֿון בראָנפֿען און פֿון כל־טוב! אַ יאָ איך האָב געטראָפֿען? צוויי בולקעס, אַ גאַנצע האַלבע געבראָטענע קאַטשקע, אַהאָ! אַ צעהנדלינג אייער און טיי און צוקער. היינט ניסליך, מיט באָקסערען, מיט ראָזינקעס, מיט מאַנדלען, און פּאָמעראַנצען, און אַ לימענע אויך — ניט געדאַכט זאָלסט דו ווערען! קום אַהער לאָם איך דיר חאָטש זאָגען אַ דאַנק!

יואליק דעם נגיד'ס נעהט צו די הענד אין די קעשענים מיט גרויס גדלות און ליפּא שלום־אייזיקס דערלאַנגט איהם אַ שנאָל אין געזיל אַריין. צווישען עולם ווערט אַ געלעכטער.

— אצונד, קינדער, זעצט זיך אוים אַלע אָט אַ דאָ, צווישען די קלעצער — זאָגט ליפּא שלום־אייזיקס, — לאָמיר זיך אַקאָרשט נעמען צו דער סעודה! בראָכט און עסט און „לאָ אייך וואויל בעקומען" ווי דער רבי זאָגט, אַז ער שמייסט אונז אָב... ווער האָט אַ גלעזיל? געב אַהער, לאָמיר טרונקען לחיים! לחיים מלך, אַז מע טרונקט איז מען פֿריילין! לחיים נח, פֿון פֿלעשעל ציהט מען כח! קום אַהער ניסיל, נעם בראָנפֿען אַביסיל! לחיים שעפּסיל, מאַך אַ שנעפּסיל! לחיים אברהם משה, דו האָסט דאָך ליעב אַ כוסה אַ גרויסע! לחיים טאָפּעלי, דאָס זאָל דעבען דעזונד מיט דליט מיט אַלדעם דוטס, טרונט אוים דאָס דאַנצע דלעזיל, אַ ניט דים איך דיר אַריין אין דאָרדעל מיט דוואַלד וועסט דו ערדער מאַכען!...

אַלע לאַכען און קאָפּיל אַליין לאַכט אויך.

— קינדער! זאָגט וואוהין געהען מיר היינטיגס יאָהר? — טהוט אַ פֿרעג ליפּא שלום־אייזיקס נאָך דער סעודה.

עס ווערט אַ געשריי, אַ גערודער; איטליכער זאָגט זיין מיינונג, וואוהין מע זאָל געהן.

— אויף יענער זייט בית עולם! — זאָגט מלך דער אַלמנה'ס.

— אויף דער ליוואַדע! — מאַכט נח דעם שוחט'ס.

— צו דער ציגעלני! — שרייט אוים אברהם משה דעם ווייגערס אויף אַ הילכיג קול.

— צו דער ציגעלני! צו דער ציגעלני! — העלפֿען איהם אונטער עטליכע קולות מיט אַמאָל.

— דאָרט איז פֿאַראַן הינט, איהר האָט שוין פֿערגעסען? — רופֿט זיך אָן ניסיל, אַ יונגיל אַ בלייכס מיט איין איבערגעשראָקענעם קוק.

— ווער האָרכט זיי? ווער האָט מורא פֿאַר הינט? — זאָגט יואליק דעם נגיד'ס מיט שטאַרקייט.

— דו אַליין האָסט מורא פֿאַר אַ הונט אימת מות! — האַקט איהם איבער דודיל צוהאַקטע ליפּ.

— נישט פֿאַר אַ הונט, אפילו פֿאַר אַ קאַץ!... — חאַפּט אונטער שעפּסיל, אַ יונגיל מיט איין אָבגעבריהטער באַק, און צווישען חברה ווערט אַ געלעכטער.

יואליק דעם נגיד'ס ווערט אָנגעצונדען למאי מע לאַכט פֿון איהם, געהט ער צו צו שעפּסלין מיט דער אָבגעבריהטער באַק און טראָגט איהם אונטער אַ פֿיינ גלייך אונטער דער נאָז: חאַפּט ער אַ זעץ פֿון דודיל צוהאַקטע ליפּ אין זייט אַריין; ענטפֿערט ער צוריק; הויבט ער אָן חאַפּען פּעטש פֿון אַלע זייטען... אין איין אנדער צייט וואָלט זיך קיינער ניט איינגעשטעלט אַרויסטרעטען פֿראַנק און פֿריי קעגען אַ נגיד'ס אַ יונגיל, נאָר ל"ג בעומר מאַכט נישט אוים, ל"ג בעומר איז מען פֿריי...

— שאַט! — רופֿט זיך אָן ליפּא שלום־אייזיקס — גענוג אייך קריגען זיך! ווייסט איהר וואוהין מיר זאָלען געהן היינטיגען ל"ג בעומר?

— וואוהין? וואוהין?

— קיין נאַלאַגאַנאָווקע!

— קיין גאַלאַנאַנאָווקע! קיין נאַלאַגאַנאָווקע! — שרייען אַלע אין איין קול, און אפילו קאָפּיל קוקאַריקו העלפֿט קוויטשען אויף זיין דין קול'כיל: „דאַלאַדאַנאָווטע! דאַלאַדאַנאָווטע!"...

און ס'איז נעבליבען אַז מיר געהען קיין נאַלאַגאַנאָווקע.

---

כען מזל, און דאָס וואָס ער זעהט שילדערט ער אָב אין קלינגענדיגע אָבגעטאָקטע ווערטער, דאָך צווישען די שורות פיהלט מען ווי עס קלאַפּט און קאָכט אַ לעבעדיג האַרץ, דאָס האַרץ פון פּאָעטען. און די איינענע געפיהלען, מיט וועלכע עס ווערט געשריבען אַ גוט ווערק, ווערען אויך דערוועקט ביי'ן שׂכל'דיגען לעזער, די ווירקונג פון דעם פּאָעטען אויף די וועלכע לייענען איהם מיט כּוונה איז ניט אָבצושעצען: די פערשלאָפענע פאַנטאַזיע הויבט אָן צו אַרבייטען, זאַכען, וואָס זיי האָבען דאָס קיינמאָל אין לעבען ניט בעמערקט, האָטש זיי ליגען ביי דער האַנד, ווערען מיט אַמאָל פאַר זיי קלאָר און לעבעדיג, פערשיעדענע געפיהלען הויבען זיך אָן אין זיי צו ריהרען און, ניט וויסענדיג ווי אַזוי, הויבען זיי אָן צו זעהן, צו פיהלען און צו דענקען מיט די אויגען, מיט דעם האַרצען און מיט דעם מחַ פון פּאָעטען. דער בליק פון פּאָעטען איז שאַרפער ווי דער בליק פון געוועהנליכען לעזער, זיין האַרץ איז ציטערינער און פיהלט ריינער, איידעלער און הייליגער. דורך זיין קונסט מאַכט ער דעם קלוגען לעזער וויטזיכטיגער, ריינער און איידעלער. דער פּאָעט האָט האָלד אַלסדינג, וואָס לעבט און שטרעבט צו פרייע לופט און צו ליכטיגקייט, ער האָט פיינד אַלץ וואָס איז טויט, מאַט און פערפוילט. עס פערנעמט איהם דאָס האַרץ, ווען ער זעהט דאָס אַלטע פערפוילטע בוימער לאָזען ניט אויפקומען דורך זייערע שאָטענס יונגע נייע פלאַנצען און ער וועקט אויף ביים לעזער די איינענע ליעבשאַפט צום לעבען, די איינענע שׂנאה צו די שלעכטע סבות און מונטערט אויף ביי איהם אַ לוסט אַרויסצוגעהען אויף אַ מלחמה אַקעגען די בייזע קרעפטען, וואָס שטיקען און דריקען דאָס מענשליכע לעבען.

דערפון זעהט מען, דאָס צוליעב דעם פּאָעטען וועקען זיך אויף ביי'ן פאָלק אַ סך איידעלע און טיעפע געפיהלען, די קרעפטען צו אַרבייטען פאַר אַ בעסערע צוקונפט שפּאַנען זיך אָן, ער שפּרייזט צו די וויכטיגע ציעלען מיט מעהר מוטה און מיט מעהר כּח. און דעריבער שעצען די געבילדעטע פון פאָלק אַזוי הויך דעם פּאָעטען, האַלטען גרויס זיין נאָמען און שטאָלצירען מיט איהם אין דער פרעמד.

ל. פּרץ צוגלייך מיט אַלע פּאָעטען האָט מיט זיין שאַרפען בליק אַריינגעקוקט אין אונזער וועלט, אין די יודישע וועלט. ער האָט מיט אַ בעוועגט האַרץ געשילדערט די כּחות וואָס צושטערען און פערניכטען ביי אונז דאָס מענשליכע לעבען, ער האָט מיט אַ ביטערען שמייכעל אונז געוויזען, ווי די יוגענד ווערט ביי אונז פאַר דער צייט פערוועלקט, ווי זי מאַטערט זיך מיט אַלע כּחות — נאָר ניט אַזוי גיך פערשוואַרצט צו ווערען.

אין „קעלער שטוב" שילדערט ער אונז די שרעקליכע יודישע אָרימקייט, וועלכע איז פערהאַרעוועט, פערמוטשעט און פערהו'עט און האָט אפילו אין שלאָף קיין מנוחה ניט. דאָס לעבען איז צוליעב דער אָרימקייט אַזוי פערחושכ'ט, אַז עס דוכט זיך, דאָס אין „קעלער־וואָהנונג איז ניטאָ איין ווינקעל, וואו דער דלות זאָל ניט ניסען בלוטיגע טרעהרען, נאָר פון פּאָעטענ'ס בליק איז ניט פערבאָרגען געבליבען דאָס ביסעלע ליכט, וואָס שיינט אַריבער פון הינטער אַ „שפּאַנישער וואַנד". הינטער אַ שפּאַנישער וואַנד, אין אַ אָבגעצוימט ווינקעל האָבען זיך אָקאָרשט בעזעצט אַ יונג פאָרפאָלק. זיי האָבען נאָך פאַר זיך אַ לעבען פול צרות, נאָר איצט זענען זיי יונג און גליקליך. די מיילער רעדען אפילו פון פּרנסה, די אויגען אָבער פיהרען די בלומען־שפּראַך פון אַ ריינער צערט־

---

ג.

גאַלאַנאַנאָווקע איז אַ דערפ'ל ניט ווייט פון מאָזעפּעווקע. אז איהר פאָהרט צו אונז קיין מאָזעפּעווקע מוזט איהר פריהער דורכפאָהרען דאָס דאָזיגע דערפ'ל; אז איהר פאָהרט דורך דאָס דאָזיגע דערפ'ל מוזט איהר בעגעגענען אַ גאַנצע טיטשקע מיט קליינע שקצים'ליך מיט גרויסע היטלען, וואָס לויפען אייך נאָך נאָכ'ן וואָגען, וואַרפען שטיינדליך, רייצען אָן די הינט, מאַכען משוגענע היוֹת און זינגען בשעת מעשה עפּיס אַ פּאַסקודנע ליעדעל:

ושיד ושיד פאַרחאָוויק!
ואהוביוו טשערעוויק;
אַ יאַ שאַוו,
טאַ נאַשאָוו,
טאַ פידניאַוו,
טאַ פישאָוו... ! *)

און האָטש די דאָזיגע ווערטער האָבען נישט קיין טעם און קיין ריח, פון דעסטוועגען פערדריסט דאָס אייך גאַנץ גוט; און נישט אַזוי די ווערטער, ווי דאָס געלעכטעריל זייערס; און נישט אַזוי דאָס געלעכטעריל, ווי די שטיינדליך וואָס זיי וואַרפען; און נישט אַזוי די שטיינדליך ווי די הינט וואָס זיי רייצען אָן אויף אייך...

— וואָס וועלען מיר אָבער טהון? — פרעגט איינער פון אונז — טאָמער חלילה פאַלען אָן אויף אונז די שקצים'ליך?

— וואָס האָרכען מיר שקצים'ליך — זאָגט ליפּא שלום־אייזיקס — אַז מיר זענען קיין עין הרע פיער און פערציג פּאַרשוין אָנגעוואָפּענט מיט כּלי זיין, מיט „פיילענבויגענס", מיט „ראָדביקסליך" און גלאַט מיט שטעקליך? אדרבּא, לאָזען זיי זיך פּרובען אַנפאַלען אויף אונז!

— מיר וועלען זיי בעווייזען ווער מיר זענען! — זאָגט יואליק דעם נגיד'ס, וואָס האָט גאָר פערגעסען אַז מע האָט איהם נאָר וואָס אויסגעלאַכט און „אָנגעבעבעט".

— מיר וועלען זיין די „בני ישׂראל" און זיי וועלען זיין די „פּלשתים" — פאַלט מיין ברודער מאָטיל אויף אַ המצאה און דאָס געפעלט אַלעמען.

— איהר זאָלט מיך וועלען פאָלגען — לייגט פיר חיים אַ גמרא־יונגיל פון ר' אפרים תלין'ס חדר — וואָלטען מיר זיך בעדאַרפט איינטהיילען אין 2 מחנות: איין מחנה וועט הייסען „יְהוּדָה" און די אַנדערע — „אֶפְרָיִם". לאָז ליפּא שלום־אייזיקס זיין דער פיהרער פון דער מחנה יהודה, דאָס הייסט פון „יודיל מלאך המות" חדר, און מענדיל לאָשעק וועט זיין דער פיהרער פון דער מחנה אפרים, דאָס הייסט פון אפרים תלין'ס חדר.

— גערעכט ווי איך בין אַ יוד! — העלפען איהם אונטער עטליכע מיט אַמאָל — יעקב אָבינו בשעת ער איז געגאַנגען מלחמה האַלטען מיט עשׂו'ן האָט אויך אַזוי געטהון; ער האָט זיך געטראַכט: טאָמער פאַלט אָן דער שׂונא און צושלאָגט איין מחנה, וועט די אַנדערע מחנה מאַכען אַ פּליטה...

— קיינער, קיינער וועט נישט מאַכען קיין פּליטה — זאָגט ליפּא שלום־אייזיקס — מיר וועלען שלאָגען די „פּלשתים" עַד חרמה — מאַכען פון זיי אַ תל! קינדער, נעמט די כּלי זיין און קומט אויף די פלשתים!

— לאָמיר זינגען עפּיס אַ ליעדעל, קינדער!

— אַ ליעדעל! אַ ליעדעל!

— וואָסער אַ ליעדעל זאָלען מיר זינגען?

— ראַז דוואַ טרי טשעטירע! פּאַידעם פּאָידעם נאַ קוואַטירע! אַכטער באַכטער קאַלישקאַ! וואָסיעם דענגיראַבאָשקאָ!...

— פע, פע! אַ יודיש ליעד! אַ יודיש!...

און נח דעם שוחט'ס ציהט אוים מיט אַ נגון אויף זיין שען קול'ביל:

אָמַר ד' לְיַעֲקֹב —
סקאַזאַל פּאַן־באָג דאַ יעקב:
אַל תִּירָא עַבְדִּי יַעֲקֹב —
נעפּאוגאַ'סיאַ באַרין יעקב!

---

*) יוד, יוד פּאַרך, האָסט פערלאָהרען אַ שוך, בין איך געגאַנגען, און האָב איהם געפונען, און האָב איהם אויפגעהויבען, און בין מיר אַוועקגעגאַנגען.

ליכער ליעבע. צוזאַמען מיט פּרץ'ן רוהט זיך אָב דעם לעזערס געמיטה, זיך צוקוקענדיג, ווי דאָס יונגע בלוט איז מְנַצֵחַ די שווערקייט פון דלות. דאָך מען דאַרף ניט פערגעסען דאָס די ליעבעסצענע צווישען טריינעלע און יוסל'ע איז מעהר ניט ווי אַ ליכטיגער ש י י ן אין אָרומיגען דלות. דער אָרומיגער שמוץ בעשמוצט און צוטרעט אפילו די שענסטע בלום. די ליעבעסצענע צווישען דאָס יונג פּאָר פאָלק ווערט איבערגעריסען מיט אַ קְלָלָה פון אַ שְׁכֵנְ'טע, וועלכע איז צו פערביטערט אַז זי זאָל קענען צו־זעהען דעם נַחַת פון אַ צווייטען, און מען דאַרף פערשטעהן דאָס ווען היינט וואָלט די שכנ'טע ניט צושטערט טריינע'ס און יוסל'ס ביסעלע פרייד, וואָלט דאס מאָרגען אָדער איבערמאָרגען געטהון אַ אַנדער קללה, די פינסטערע קללה פון דעם שרעקליכען יודישען דלות.

אין "אַ כַּעַס פון אַ יודענע" וואַרפט אַריין פּרץ אַ שטראַהל פון פּאָ־עזיע אין די זעעל פון אַ געוועהנליכער אָרימער יודישער מוטער, און צו־ליעב דעם שטראַהל זעהען מיר ווי נאָהענט ביי איינאַנדער וואָהנען אין איהר האַרץ די ביטערסטע געפיהלען מיט דעם ביסעלע נחת. עס איז אַ אַלטמאָדיש ווייב און האָט הֲנָאָה דערפון, וואָס איהר מאַן דער בַּטְלָן איז פאָרט אַ לערנער, אַ לַמְדָן. ווען שוין ניט ד י וועלט, וועט זי וועניג־סטענס צוליעב דעם מאַנ'ס תּוֹרָה האָבען אַ בעסערע מַעֲרָכָה אויף י ע נ ע ר וועלט. דאָך איהרע צרות און די טראָפּעצקע פרייד זענען צו נאָהענט נעבען איינאַנדער. דאָס ביטערע לעבען אויף ד ע ר וועלט פערטרינקט די איינציגע ליכטיגע האָפנונג, און די ליפּען וואָס האָבען נאָך אָקאָרסט געשמייכעלט, וואַרפען שוין אָרויס בייזע ווילדע קללות. דער דלות שטיקט און דריקט פון אַלע זייטען, ער איז שטאַרקער פאַר איהר איי־זערנעם ווילען, אפילו אַ מעשה זיך אָנטהון לאָזט ער איהר ניט, דען איהר קראַנק קינד ציהט זיך פון וויגעלע און רופט "מאמע" ; ער וויל זויגען איהר פערדאָרטע ברוסט. זי שליידערט אַוועק דאָס שטריקיל אויף וועל־כען זי האָט זיך געוואָלט הענגען, וואַרפט זיך צום קינד און שרייט : נאָ זויג, פרעס ! אפילו אַ מעשה אָנטהון לאָזט ער מיך ניט ! נאָ זויג ! ביים !

אין צעהנדליגער קליינע מעשה'ליך שילדערט אונז פּרץ די נְשָׁמָה פון יודישען אָרימאַן וועלכער הערט ניט אויף צו אַרבייטען און לאָזט זיך ניט אָב אפילו אי'ן די שלעכטסטע אומשטענדע ; דערביי טראָגט ער ביי זיך אין האַרצען אַ גאַנצע וועלט מיט איידעלע און טיעפע געפיהלען, ער בענוגענט זיך מיט די קלענסטע פריידען, און דאָס, וואָס דער רייכער קריעגט פאַר אומזיסט און אויף וואס דער אָרימאַן מוז אַרבייטען מיט די זאָפט און היות פון זיין קערפּער, נעמט ער צו ווי אַ געשענק מיט אַ דאַנק צום בעשעפער. אַנדערע אָבער זענען שוין אַזוי דערשלאָגען, דאָס זיי פערלירען שוין גאָר די קראַפט זיך צו ווינשען עפּיס גוטס אין לע־בען, ווי אַ שאָטען פינסטערען זיי אָב זייער וועלטיל, ווי אַ זאַמדיל ביי'ן ים, אויף וועלכען קיינער קוקט ניט און איטליכער טרעט מיט די פיס... ("דער משולח", "באנצע שווייג"). זיך צוקוקענדיג צו דעם טיפ פון די דערשלאָגענע, די "באנצע שווייג'ס", בעניסט זיך פּרץ'ס האַרץ מיט אַ ביי־טערער איראָניע. דען קיין זאַך איז ניט אַזוי געפעהרליך פאַר די צוקונפט פון אַ פאָלק, ווען עס בעווייזען זיך הויפענווייז אַזעלכע דערשלאָגענע. מען טאָר ניט טרייבען די בענגנוגזאַמקייט אַזוי ווייט, ווי "באנצע שווייג", מען מוז בוּשָׁה האָבען פאַר דעם איינענעם מענשען אין זיך און ניט זיך לאָזען טרעטען, ווי אַ זאַמדיל ביי'ן ים.

---

און מיר אַלע חאַפּען אונטער פריילִיך אויף רוססיש :

ניעט ניעט נישטשאַוואָ,
נע באָימסאַ ניקאַוואָ,
טאָלקאָ באָגאַ אַדנאַוואָ !...

ד.

— וואו נעמט מען איצטער עטליכע פלשתים ? — רופט זיך אָן יואליק דעם נגיד'ס און ציהט אָן דעם פיילענבויגען.

— איך וואָלט זיך אָן זיי נוקם געווען ! — מאַכט יענקיל און שטעלט אָן דאָס ראָדביקסיל.

— געמאַכט פון זיי אַ תל ! — רופט זיך אָן חיים און צילאָזט זיך מיט אַ שטעקיל.

— צוריסען אויף צווייען ! — זאָגט אברהם משה און בעווייזט מיט די הענד ווי אַזוי ער וואָלט צוריסען אַ פלשתי אויף צווייען.

— שאַט, קינדער ! — רופט זיך אָן איינער — אָן פאָהרט אונז אַקעגען אַ "פלשתי" מיט אַ פּאָר אָקסען !

דאָס איז זיך געפאָהרען פון דאָרף אין שטאָדט אַריין אַ גוי מיט אַ גרויס שמויסען היטיל, זיך נעזעסען גאַנץ רוהיג אין וואָגען, געפּופּקעט אַ לולקע, געדרעהט מיט דער בייטש און אונטערגעטריבען די אָקסען : "היי היי, סאָב סאָלאָוויי" !

— קינדער ! ציהט אָן די פיילענבויגענס ! — קאָמאַנדעוועט ליפּא שלום־אייזיקס צו דער מחנה "יהודה".

— קינדער ! צילט אייך מיט די ראָדביקסליך גלייך אויפ'ן "פלשתי" ! — קאָמאַנדעוועט מענדיל לאָשעק צו דער מחנה "אפרים".

מיר ציהען אָן אונזערע פיילענבויגענס און צילען זיך מיט די ראָד־ביקסליך, און נח דעם שוחט'ס ציהט אוים מיט אַ נגון :

בָּחַר ד' בְּיַעֲקֹב —
איזבראַל פאַן באָג ביעקב

אַל תִּירָא עַבְדִי יַעֲקֹב —
נעפּאוגאַייסיא באַרין יעקב !

און מיר חאַפּען אונטער אויף רוסיש :

ניעט ניעט נ'טשאַוואָ,
נע באָימסאַ ניקאַוואָ,
טאָלקאָ באָגאַ אַדנאַוואָ !...

דער "פלשתי" האָט זיך אַ פנים שטאַרק איבערגעשראָקען פאַר אונ־זערע "צוויי מחנות" ; ער האָט אַראָבגענומען דאָס היטיל, האָט זיך איבער־געצלמ'ט דריי מאָל, אויסגעשפּיגען און האָט זיך אָנגערופען צו אונז מיט אַ גראָב קול :

— ווי טשאָהאָ זְשִׁידֶעניאַטאַ נֶעבְרִיסְטִי פְרָאָקְלִיאַטִיֶע ? *) און האָט אונז נעמאַכט אַ רעכטען "מִי שֶׁבֵּרַךְ" און האָט געוואָלט אַראָב פונ'ם וואָגען מיט דער בייטש און זיך שטעלען מיט אונז מלחמה האַלטען.

— ווייסט איהר וואָס ? לאָמיר דעם דאָזיגען פְלִשְׁתִּי לאָזען צורוה ! — זאָגט יואליק דעם נגיד'ס — וואָס האָט ער אונז געטהון ? מיר געהען דאָך מלחמה האַלטען מיט די ק ל י י נ ע "פלשתים'ליך"...

— גערעכט, ווי איך בין אַ יוד, גערעכט ! — שרייען מיר אוים אַלע מיט אַ שמחה, און נעהרען אָן אונזערע לענדען, און לאָזען זיך לויפען ווי די גבורים, אַלץ מיט דעם איי־גענעם נגון :

גָאַל ד' אֶת יעקב, —
ספאַסאַל פאַן באָג אֶת יעקב,
אַל תִּירָא עַבְדִי יַעֲקֹב
נֶע פּאוגאַייסאַ באַרין יעקב !...

און מיר אַלע חאַפּען אונטער אויף רוסיש

נֶיעט נֶיעט נישטשאַוואָ
נֶע באָמסאַ נִיקאַוואָ,
טאָלקאָ באָגאַ אַדְנאַוואָ !...

---

*) וואָס טהוט איהר דאָ, יודעליך, נישט קיין געטויפטע, פאַרשאָלטענע ?

פרץ'ס ווערק בעשעפטיגען זיך ניט מיט דעם דַלות אַליין. אויסער דער אָרימקייט געפינען זיך נאָך איין טויזענטער אַנדערע סבות, פאַרוואָס דאָס לעבען פון אַ יודען ווערט שוין בעצייטענס צובויגען און צובראָכען. מיר יודען זענען אַ אַלט פאָלק, וועלכעס שלעפּט מיט מיט זיך אַ גרויסען לאַנגען עָבר, וואָס פּאַסט ניט צו אונזער היינטיגען לעבען. מיר עטהמען אין די צייטען פון 20-סטען יאָהרהונדערט און טראַכטען און פיהלען, ווי פאַר 500 יאָהר צוריק. טוידטע גייסטער וועלכע האָבען שוין זייער אַרבייט לאַנג אָבגעטהון און רוהען זיך בְּשַׁלְוָה אין זייערע הייליגע קְבָרִים מישען זיך אַריין אין אונזערע היינטיגע דְרָכִים און נייטהען אונז צו האַלטען זיך אָן די פיהרונגען פון די פאַרצייטיגע דורות. שווערע הַנְהָגוֹת, אַלטע מִנְהָגִים און טויזענטער קליינינגקייטען בינדען און פענטענען דעם פרייען טריט פון היינטיגען יודען. — פרץ האָט דאָס אַלץ בעקוקט און בעטראַכט און האָט אין אַבגעוואויגענע שפּיציגע ווערטער אַרויסגעשטעלט די פעהלערן פון אונזער לעבען, וואָס אינטערעסירט זיך מעהר מיט דער געשטאָרבענער פערגאַנגענהייט ווי מיט דער לעבענדיגער צוקונפט. — דער אָבגעשטאָרבענער עָבָר (עס איז אויך דאָ אַ לעבענדיגער עבר) שטעלט זיך פרץ'ן טהיילמאָל פאָר ווי דער גולם אין פּראַג'ער שול, וועלכער ליעגט ערגיץ וואו אויפ'ן דאָך בעדעקט מיט שפּינוועבס. דער גרויסער מהר"ל פון פּראַג איז לאַנג טוידט, נאָר ע ר אַליין האָט נאָך געקענט דעם גולם לעבעדיג מאַכען. היינט אבער ווייס שוין קיינער ניט דעם שֵׁם, דורך וועלכען מען קען אין גולם אַריינבלאָזען אַ נְשָׁמָה. „און דאָס שפּינוועבס וואַקסט און וואַקסט און מען טאָר עס ניט בעריהרען". אַ אַנדער מאָל שטעלט זיך איהם דער עבר פאָר פאָר אַלטע אָבגעטראָגענע בְּגָדִים, וועלכע פוילען אויפ'ן מיסטקאַסטען. אייבּיגע מחלוקות, קיין מינוט אַחְדוּת... דען קען האָבען אַ צופוילט לעדער פון אַ אַלטען קאָמאָש אהדות מיט דער זייל פון אַמאָליגען וואַסערשטיפעל? ביידע טויגען שוין צו קיין זאַך ניט, זיי קענען נור חלומ'ען פון אַמאָליגע צייטען, וועלכע וועלען קיינמאָל ניט צוריקקעהרען. נור ד י וואָס האָבען אַ צוקונפט קענען זיך פעראייניגען, די אָבער וואָס חלומ'ן נור פון אַ עבר — צופליהען זיך אין ענדלאָזע צייטען פון פערשוואונדענע וועלטען, ניט בעזיצענדיג אויף דער היינטיגער וועלט האָטש אַ שטיקיל פּלאַץ, וואו זיי זאָלען זיך קענען פעראייניגען, און דעריבער, אַז „פרייטאָג צו נאַכט'ס זאָגט דער חַזָן: הִתְנַעֲרִי מֵעָפָר קוּמִי! (חאַפּ זיך אויף, שטעה אויף פון דער שטויביגער ערד) דערפיהלען זיי אַ ציטערניש אין די ביינער און ווילען זיך אויפהויבען. נאָר יעדעס שטיק בעזונדער איז פערפוילט אָהן כּח, און זיך צוזאַמענעמען איז נישט מעגליך". („קליינע מעשה'ס פאַר גרויסע"). — מיט דעמזעלבען גייסט זענען דורכדרונגען פרץ'ס גרויסאַרטיגע סאַטירען, וועלכע זענען איינציג אין אונזער יודישער ליטעראַטור. די, וואָס מיינען אַז פרץ האָט מיט זיינע סאַטירען געוואָלט פערטהיידיגען אַ הפקר־וועלט, לעבען אין אַ מיאוס'ן טעות. פרץ'ס סאַטירען ווענדען זיך געגען דעם תְּחִינָה־פרומען עָ בָ ר, וועלכער לעבט נאָך ביז היינטיגען טאָג, און בעזיצט אַ גרעסערען כּח פאַר ביקסען און הערמאַטען. די ת ח י נ ה ־ פ ר ו מ ע צ י י ט וויל ניט הערען און זעהען וואָס טהוט זיך אַרום איהר, ווי אַ בלינדע צוטרעט זי דאָס בעסטע און איידעלסטע, ווען די מענשען פיהרען זיך ניט, ווי זי פערלאַנגט. זי ווייס ניט פון ליעבע, ליידענשאַפט און די הייסע בלוט פון אַ יוגענד. אַלץ

---

— אַצונד, קינדער, לאָמיר זיך צוזעצען אַביסעלע אָברוהען! — קאָמאַנדעווען אונזערע ביידע קאָמאַנדירען, ליפּא־שלום־אייזיקס און מענדיל־לאָשעק, און מיר פערקאַטשען די קאַפּאָטקעליך און זעצען זיך אוים אַלע אין פעלד, אויפ'ן גרינעם גראָז, און ציהען זיך אוים אויף דער ערד און קוקען אַרויף אין ריינעם בלויהען הימעל אַריין, וואו עס שווימען שטיקליך וואָלקענס, ווייסע ווי זילבער און דינע ווי רויך, וואו אַ לאַנגע שורה פייגעליך שוועבען שטילערהייד, טיקען זיך אין טיפען הימעל, און ווערען פערשווינדען...

— וואו זענען אַשטייגער אַהינגעקומען די פייגעליך? — טהוט אַ פרעג איין יונגיל ביים אַנדערען און קוקט אין הימעל אַריין.

— זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן שפּיטץ באַרג פון די בערג אֲרָרָט — ענטפערט איהם דאָס אַנדערע יונגיל, גלייך ווי ער וואָלט דאָס געוואוסט פאַר געווים.

— וואָס עפּיס אררט? — טהוט איהם יענער אַ פרעג נייגעהרינג.

— ווייל אררט איז דער העכסטער פון אַלע בערג! — ענטפערט איהם יענער, ווי אַ מענש וואָס ווייס אַלסדינג אויף דער וועלט.

איך ליג און הער זיך צו צו די דאָזיגע רייד פון די צוויי יונגליך און איך פערשטעה ניט, ווי קומט אַהער אררט? אררט איז דאָך אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, און מיר זענען אין חוץ לארץ! נאָר באַלד צוריק פערענטפער איך מיר אַליין די קשיה מיט אַ נייער קשיה: למאַי די פלשתים? די פלשתים זענען דאָך אויך דאָרטען, פון דעסטוועגען נעהען מיר דאָך אויף די פלשתים!...

יענע צוויי בערײדעווּדיגע חברה לייט הערען ניט אויף צו רעדען צווישען זיך. איינער פרעגט, דער אַנדערער ענטפערט.

— וואָס וועט זיין נאָכדעם אַ שטיינער, אַז מיר וועלען אם יִרְצֶה הַשֵׁם אַיינגעמען די פלשתים?

— וואָס האָסט דו געוואָלט זאָל זיין?

— איך מיין וואָס וועלען מיר טהון מיט זייער לאַנד?

— וואָס האָסט דו געוואָלט זאָלען מיר טהון?

— איך מיין צי מיר זאָלען דאָס לאַנד „פערוויסטען", די שטעדט „פערברענען" און זייערע ווייבער מיט זייערע קליינע קינדער „שלאָגען צום שאַרפען שווערט"?

— למאַי זאָלען מיר ברענען שטעדט? און וואָס האָסט דו צו די קליינע קינדער נעבאָך?

— סטייטש, סע שטעהט דאָך אָבער אַזוי געשריבען אין פָּסוּק!

— אַ מָשָׁל! יענץ איז געווען אַמאָל און דאָס איז היינט! עס וועט זיין נענוג פון זייערט וועגען אַז מיר וועלען אויף זיי אַרויפלייגען מַס, זיי זאָלען אונז צאָהלען צינז...

דער שמועס פון די צוויי ווייסע־חברה'ניקעס, די ווייטע וואַרעמע לופט, דער בלויהער הימעל, דאָס גרינע גראָז און דער רֵיחַ פון דער ערד וואַרפען אָן אויף אונז עפּיס אַ מין זיסקייט, אַ דרימעל, וואָס צוגעהט זיך אין אַלע אֵיבָרִים. מיר וואָלטען אַזוי געליגען אַ גאַנצען טאָג, עס זאָל זיך ניט געוועז אויפחאַפּען איינער מיט אַ געשריי:

— פלשתים! פלשתים!...

---

ה.

אַז מיר האָבען זיך אויפגעחאַפּט אויף די פיס, האָבען מיר דערזעהן פאַר זיך אַ טשערעדע פון שעפעליך און עטליכע יונגע פאַסטוכער מיט גרויסע בולאַוועס זענען געשטאַנען, אונז בעטראַכט און איבערגעשמועסט זיך איינער מיט'ן אַנדערען אויף זייער לָשוֹן:

— שאָ צע טאַקע, הֶרִיציו?

— מאַבוּט נע טשיסטאַ?

— ני, צע זשידעניאַטאַ איז מאַזעפּאַווצי.

— נעבריסטי סאָבאַטשי!

— טאַי שטשע סלאָמאַקאַמי. דיווים!

איז אַ זינד, אַ עבירה, ווען מען בעריהרט נור אַ פּיצעלע פון איהר צערעמאָניע. פּרץ פּראָטעסטירט געגען די פערפרומטע נפשות, וועלכע שטיקען אין זיך די פּראָסטע געזונדע נאַטירליכע געפיהלען און פערקויפען זייער נשמה א טרוקענעם דין אדער אַ פּוסטען מנהג. — דעם פּראָטעסט קעגען די פערגאַנגענהייט, וועלכע לעגט זיך ווי אייזערנע שווערע קייטען אויף די פיס פון היינטיגען לעבענדיגען מענשען, האָט פּרץ נאָך פיעל טיעפער און אויף אַ נייעם אופן אויסגעדריקט אין זיין "אלטווארג" (פּורים־נומער "יוד" 1900).

נאָר ניט די פערצייטיגע דורות אליין מאַכען שווער אונזער לעבען דורך די אומעטיגע ירושה וואָס זיי האָבען אונז געלאָזען... עס איז נאָך דאָ אַ נאָהענטערע פערגאַנגענהייט, וועלכע לאָזט איבער טיעפע וואונדען אין די יונגע קערפּערס פון אונזערע ברידער. די ערציהונג וואָס אַ יוד קריעגט פון קליינווייז אָן מאַכט פון איהם אָפטמאָלם אַ קאַליקע אויפ'ן גאַנצען לעבען. שוין קליינערהייט אונטערדריקט מען ביי איהם דאָס נאַטירליכע געזונדע געפיהל. די "טאַטעס" קוקען אויף זייערע צעהנ־יאָהריגע בנים כמעט ווי אויף ערוואַקסענע (לייען "יאָסעלע" פון דינעזאָהן). די תרי"ג מצוות הויבען שוין אָן בעצייטענס צו בויגען דעם יונגען רוקען און דאָס קעפּיל פון קליין קינד מאַכט מען פול מיט אַזעלכע למודים, וואָס איז אפילו אַ ערוואַקסענעם מענשען שווער צו בענעהמען. ארום און אַרום זעהט מען ניט קיין איינציגע שענע פאַרב, מיאוס איז אַלץ, וואָס רינגעלט ארום א קליין קינד פון ערשטען טאָג אָן. פון נאַטור האַלט מען איהם דערווייטערט. גרינע פעלדער, געדיכטע וועלדער, די רוישענדע וואַסערען פון די טייכען זענען ניט פאַר זיין אויג בעשאַפען געוואָרען. דער פינסטערער, דומפּיגער חדר איז דאָס שטיינעל, וואו עס צאַפּעלט זיך דאָס יונגע הערציל פון א יודיש קינד. און ווען עס וועקט זיך שוין ביי איהם עפּיס אַ ערהאָבען און שען געפיהל, קען ער דאָס ניט אָנרופען ביי'ם נאָמען, אָדער ער פיהלט נאָך שטאַרקער דעם מרחק צווישען אַרומיגען מיאוסען לעבען און דער שענקייט, צו וועלכער זיין פּאָעטיש הערץ שטרעבט מיט אַזאַ ליעבשאַפט און אַזאַ כח.

אין פּרץ'ס "וואָס איז אַ נשמה" קלערט אַ יודיש קינד וועגען דעם, ווי שטעלט מען זיך פאָר אַ נשמה.

ער געפינט קיין פּאַסענדעם בילד, מיט וועלכען מען זאָל קענען פערגלייכען אַזאַ איידעלע זאַך, אום זי זיך בעסער פאָרצושטעלען. ווי יעדער קינד פערגלייכט ער זי מיט די בילדער וואָס רינגלען איהם אַרום: מיט אַ באַליי, אין וואָס מען וואַשט גרעט, און מען רייניגט און לייטערט; מיט אַ דינעם רויך, וואָס געהט אַרויס פון אַ צובראָכענעם קוימען א. ז. וו. נאָר בשעת ער האָט אָנגעהויבען נאַטירליך און געזונד צו פיהלען, בשעת אַ געזונדע ליעבע האָט זיך ביי איהם בעוויזען מיט איהר ליכטיגקייט און וואַרעמקייט, דענמאָלסט האָט ער גענקראָגען דאָס ערשטע בילד, מיט וואָס ער וואָלט געקענט פערגלייכען די איידעלקייט און שענקייט פון דער נשמה.

"דאָס קראַנקע יונגיל" (יוד 1900) טרויערט און זיפצט דערויף, וואָס אַלץ אַרום איז אַזוי שוואַרץ און גרוי, עס פערדריעסט איהם וואָס די שול, דאָס היילינסטע, איז ניעדריג און איינגעפאַלען. ער חלומ'ט פון אַ צייט, בשעת די יודישע שול וועט העכער זיין פאַר אַלע טעמפּלען

---

— דאוואי, חלאָפּצי, טרעשטשאַטי!

— סאָבאַק נאַצקאָוואַטי!

— דערזשי, חלאָפּצי!

— היי, חלאָפּצי, חלאָפּצי!...*)

— וואָס שווייגט איהר, קינדער! — רופען זיך אָן צו אונז אונזערע צוויי קאָמאַנדירען, און מיר שטעלען אָן די פיילענבויגענס מיט די ראָדביקסליך, און נח זינגט:

דרך כוכב מיעקב, —
וואָשלאַ זוויעזדאַ איז יעקב,
אַל תירא עבדי יעקב —
נעפּאוגאַייסא באַרין יעקב!

און מיר חאַפּען אינטער אויף אַ קול!

ניעט ניעט ניטשאָוואָ!
נע באָימסאַ ניקאָוואָ,
טאַלקאָ באָגאַ אַרנאָוואָ!

און די מלחמה פון די "בני ישראל" מיט די "פּשלתים" האָט זיך אָנגעהויבען . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

קוועטשט מיך ניט; יודישע קינדער, איך זאָל אייך דערצעהלען ווי אַזוי איז געגאַנגען די מלחמה צווישען די "בני ישראל" און צווישען די "פלשתים"! פרעגט מיך ניט, ווער פון זיי האָט נוכח געווען? למאַי זאָלט איהר מיר אָנטהון יסורים?... איך קען אייך נוו' עדות זאָגען, אַז די "קינדער ישראל" האָבען זיך געשטאַרקט ווי די לייבען, געלאָפען ווי די הירשען, און געשלאָגען זיך מיט מסירת־נפש ווי די אמת'ע גבורים, אַזוי אַז אפילו "טאָפּילע טוטאַריטוטו" איז געשפּרונגען אין פייער אַריין ווי אַ מ"יק און האָט געקוויטשעט אויף זיין דין קול'כיל.

— קינדער! טלאָפּט זיי! הרדט זיי! ווי זאָלען אונז דערווינטען!...

נאָר, אוי וועה, וואָס האָבען נעבאַך געקאָנט טהון די "בני ישראל", אַז עס האָבען זיך אַריינגעמישט די כלבים, די הינט פון די "פּלשתים", און האָבען אָנגעמאַכט אַ שרעקליכע מהומה, אַ טומעל אין אונזערע צוויי מחנות, און די "בני ישראל" האָבען געמוזט אַנטלויפען צוריק מיט בזיונות (פריהער פון אַלע איז געלאָפען יואליק דעם נגיד'ם פייל אוים בויגען!) נישט אַזוי פאַר די "פלשתים", ווי פאַר זייערע הינט, וואָס האָבען אונז נאָכגעיאָגט ביז'ן שטאָדט אַריין . . . אוי וועה, פון אונזערע 2 מחנות איז געוואָרען איין מחנה! מיר האָבען שוין מעהר נישט געזונגען קיין "אל תירא עבדי יעקב", נע פּאוגאַייסא באַרין יעקב . . . ניין! מיר האָבען שוין געזונגען איין אַנדער ליעדעל; מיר האָבען געשריגען:

— גוואַלד, רבונו של עולם! הושענא!!... שמע ישראל!!!...

---

ו.

געקומען אַהיים זענען מיר שוין שפּעטליך, אַרום מנחה צייט, און האָבען זיך אַריינגעגנב'ט. איך און מיין ברודער מאָטיל, איינציגווייז, און האָבען זיך בעוועצט אין אַ ווינקעל, שטיל ווי די טייבעליך, מע זאָל חלילה ניט דערזעהן אויף אונז קיין סימנים, די צעפליקטע קאָפּאָטקעליך. בעדאַרף אָבער דער גוטער יאָהר אָנטראָגען אַ גאַסט, אונזערע אַ מומע רייזיל פון

*) — וואָס איז דאָס, הריצע?
— אַ פּנים רוט'ליך?
— ניין, ס'איז מאַזעפּעווקער יודעליך.
— יודען — כלבים.
— און נאָך מיט שטעקליך, זעה!
— נעמט, חברה, קלאָפּט זיי!
— די הינט אָנרייצען!
— האַלט, חברה!
— עי, חברה! חברה!...

און זיין גלאַנציגער. דאָך וועט אָבשפּיעגלען די גאָלדענע שטראַהלען פֿון דער זון...

(ענדע קומט).

בַּעַל מַחְשָׁבוֹת.

---

## יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדְט און שְׁטֶעדְטלִיךְ.

א יודישע העלדין. א רעספּובליקע. רבנים אהן פּאות. א ראַבינער מיט מוזיק. איין אומגליקליכע שטאָדט. —

די פֿראַנצויזען זענען עד היום שטאָלץ אויף זייער העלדין זשאנא דאַרק, עד היום וואונדערן זיך אלע, וואָס א פֿרוי האָט געקענט פֿיהרען גאַנץ פֿראַנקרייך ביי דער נאָז, אין די מלחמות איז זי געגאַנגען שטענדיג פֿארויס און דאָס גאַנצע חיל איז איהר נאָך געגאַנגען ווי איין מענש און האָט פֿיעל נצחונות געוואונען, און ווער האט די אלע מלחמות געפֿיהרט? — א דארפֿיש מיידיל וואָס האָט פֿריהער געפּאַסעט שאָף.

— אַזוינע נסים האָבען זיך געקענט טרעפֿען צוריק מיט הינדערטער יאָהרען, זאָגען געוועהנליך די וואָס האָבען ווינציג אמונה.

טהייל גלויבען ניט אין איהרע גבורות און פֿונדעסטוועגען געפֿינט זיך און לעבט עד היום אין א יודיש שטאָדט א יודישע זשאנא דארק, וואָס פֿיהרט דאָרט גרויסע מלחמות ניט מיט וויינגער פֿייער ווי די פֿראַנצויזישע דארק.

אוי, זענען מיר דאָס יודען א פֿאָלק, אימשטיינסנעזאָגט, אַז ביז דער קאָרעספּאָנדענציע, וואָס איך האָב נור וואָס בעקומען פֿון ראָמען (פּאלט. נוב.), האָבען מיר פֿון אונזערע זשאנא דארק אפילו ניט געוואוסט!

מיר יודען ווייסען קיין מאָל ניט וואָס מיר פֿערמאָגען.

פֿון דער קאָרעספּאָנדענציע דערוויסען מיר זיך, אז איצט קומט פֿאר אין ראָמען שרעקליכע מלחמות, און די ערשטע, וואָס געהט פֿאָרויס און פֿיהרט די מלחמה, איז אַ פֿרוי, נאר זי איז ניט קיין געוועזענע פּאַסטעשקע, נאר א קליינשטעדטלישע באַנקירשע.

בכלל מיז איך אייך זאָגען, איז ראָמען אַ שטיק פּאַריז, א מין רעספּובליקע, רחמנא לצלן. וואו און ווען האט איהר דאָס געהערט, אַז ווען עס שטאַרבט הם ושלום א רב אין אַ יודיש שטעדטיל, זאָל מען ביי דער לְוָיָה די גאַסענלאַמטערנס בעציהען מיט שוואַרצע גאַזע און אַז ווען מען ברענגט אראָב פֿון דער פֿרעמד א נייעם רב, זאָל מען איהם אריינפֿיהרען אין שטאָדט מיט פּאַראַד און מיט פֿאַקעלען...

און אָט דאָס אַלעס איז פֿאָרגעקומען אין ראָמען, ווען דער רב ארלאַזאראָוו איז געשטאָרבען און ווען מען האָט ניט לאַנג אראָבגעבראַכט ר. חיים׳ען פֿון פּאָריץ (ניט פּאַריז), נאר פֿון א שטעדטיל אוים מינסקער גובערניע קיין ראָמען פֿאַר אַ רב. אָט אַקעגען דעם נייעם פּאריצער רב איז ארויסגעטרעטען מיט דעם גאַנצען כלי־זין א ראמענער פֿרוי, מאַדאַם מ. זי האָט אַוועקגעוואָרפֿען אלע איהרע באַנקגעשעפֿטען און גיט זיך נור אָב מיט אַגיטאַציע געגען דעם נייעם רב און אַניטירט, מען זאָל אויסקלויבען דעם אַלטען רב׳ס איין איידעם ה׳ יאַנקעלעווסקע.

---

יאַמפּעלי. אַ גדולה, זי האָט זיך ניט געזעהען מיט אונז שוין באַלד אַנדערהאַלבען יאָהר.

— יוסיל! מאָטיל! — רופֿט אונז די מאַמע — די מומע רייזיל איז געקומען!

מיר ריהרען זיך ניט פֿון די ערטער.

— וואו זענט איהר ערגיץ? — שרייט די מאַמע — וואָס האָט איהר זיך בעגראָבען דאָרטען?

מיר שווייגען שטיל.

געהט צו די מאַמע, דערזעהט אונז, און טהוט א פּלעסק מיט די הענד:

— א דונער איז מיר! אַ שלאַק איז מיר! ירחמיאל, וואו ביזט דו? קום נאָר אַהער, וועסט דו זעהען א שענם!

געהט צו דער טאַטע, אַ יוד אַ קראַנקער, פֿון זינט איך געדענק איהם הוסט ער. ער בלייבט שטעהן בעטראַכט אונז ביידען פֿון קאָפּ ביז פֿים און עס הויבט זיך אָן א חתונה — מיר זאָלען איהם זאָגען: וואו זענען מיר געווען? וואָס האָבען מיר געטהון? און מיט וועמען האָבען מיר זיך געשלאָגען? מיר שטעהען ביידע, איך און מיין ברודער מאָטיל, און קוקען אראָב אויף דער ערד און טראַכטען זיך: "הלואי וואָלט זיך איצטער געעפֿענט א קֶבֶר, וואָלטען מיר פּטור געוואָרען פֿון אַלע צָרות!"... און דער טאַטע הערט נישט אויף צו פֿרעגען;

— נו, זאָגט שוין: וואו זענט איהר געווען? וואָס האָט איהר געטהון? מיט וועמען האָט איהר זיך געשלאָגען?

און די מאַמע שטעהט ביי דער זייט און טאַטשעט איהם.

— אויך מיר אַ טאַטע! ער זאָל דאָס זאָגען אַ קרום וואָרט! ביי לייטען אַ טאַטע ליינט אַנידער און פּיצקעט אָן, אַ קינד זאָל וויסען דאָס אַנדערע מאָל! סע זאָל פֿיהלען! סע זאָל געדענקען!..

דער טאַטע אָבער שלאָגט אונז ניט, ער שלאָגט אינז קיין מאָל ניט. ער נעמט אונז נור מיט ווערטער. ער הערט אונז ניט אויף צו פֿרעגען וואָס וועט זיין פֿון אונז דער תַּכְלִית? ער עסט זיך אָב דאָס האַרץ, ער פֿערהוסט זיך און זאָגט, אַז מיר זענען איהם מְקַצֵּר יָמִים... ווייגען מיר שטילערהייד, און זאָגען זאָגען מיר ניט, א וואָרט ניט.

— וואַרט! וואַרט! — זאָגט צו אונז די מאַמע — לאָמיר נור דערלעבען מאָרגען אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, איך וועל אייך שוין צושטעלען א ביינקעלי ביי׳ם רבי׳ן!...

. . .

אויף מאָרגען נאָך ל״ג בעומר, אַז מיר זענען געקומען אין חדר אריין האָבען מיר שוין געטראָפֿען די מאַמע אין חדר מיט נאָך עטליכע מאַמעס, וואָס זענען געקומען אונז צושטעלען ביינקעליך צום רבי׳ן. און דער רבי, רב יודיל מלאך המות, האָט זיך דווקא נישט געלאָזט לאַנג בעטען און האָט אונז מְקַיֵּים פְּסַק געווען אַלעמען פֿון זיין ברייטער האַנד, אַזוי ווי ער האָט אונז צוגעזאָגט, חלילה נישט דורכגעלאָזט קיינעם. און אַז ס׳איז געקומען צו ליפּא שלום אייזיק׳ס, האָט ער מיט איהם לאַנג—לאַנג געריינגעלט זיך, געבאָרעט. ליפּא, א בר־מִצְוָה יונגיל און אַ חתן מיט א ווייגער און מיט א זילבערנע קאַפּערטע, האָט נישט געוואָלט בשום אופן זיך לייגען פֿאַר די ווייבער — און ליפּא האָט אויסגעפֿיהרט ויינם: די ווייבער זענען זיך צוגאַנגען און דער רבי האָט איהם אַריינגעצימבעלט אַריבער פֿיפֿציג.

פֿון דעמאָלט אָן האָבען מיר זיך געגעבען דאָס וואָרט, און אייך קינדער, זאָג איך אויך אָן דאָס אייגענע, אַז איהר זאָלט קיין מאָל, קיין מאָל נישט מלחמה האַלטען מיט די "פּלשתים"!...



— דער נייער רב קומט ארויס פֿון גוטע יודען, זיין טאַטע איז אַ גוטער יוד, זיין שווער איז אַ גוטער יוד און ער וועט געוויס אויך ביי אונז וועלען פֿיהרען אַ גוט יודישע ראָלע, דער אַלטער רב איז געוועזען אַ ליבעראל און זיין איידעם איז נאָך אַ גרעסערער ליבעראל— שרייט מאַדאַם מ. און נאָך איהר כמעט אלע גבירים.

— על פי יושר דאַרפֿען מיר מאַכען פֿאַר אַ רב דעם אלטען רב'ס אַ זוהן, וואָס אַיז בעקאַנט אין שטאָדט אונטער דעם נאָמען מאירקע, ניט קיין איידעם, דעם זוהן קומט די רבנות בירושה — וואָס ברויכען מיר אַ פֿרעמדען רב, אַז מיר האָבען איין אייגענעם, שרייט אַ צווייטע פּאַרטייי, וואָס בעשטעהט דאָס רוב פֿון יונגע לייט, מאיר'קעס חברים.

— זעהר שען, פֿערענטפֿערט זיך דער גוט יודישער צד פֿון דעם פֿרעמדען רב, איהר זענט אלע גערעכט, אַבער ווי קענען מיר מאַכען פֿאַר אַ רב אַזוינע, וואָס געהען אָהן פּאות, אין קורצע קליידער און שפּאַצירען מיט זייערע ווייבער געאַרעמט.

— יאנקעלעווסקע האָט נעכטען שוין אנגעטהון אַ לאַנגע קאַ־פּאָטע, פּאות וועט אי"ה אויסוואַקסען מיט דער צייט, און זיין ווייב די רבצין האָט צוגעזאָגט, אַז ווי באַלד מען וועט נור איהר מאַן אויסקלויבען פֿאַר רב, איז זי זיך מתחייב נור צו שפּאַצירען אליין, טען'עט מאַדאַם מ.

— מאיר'קע האָט זיך שוין אויך אנגעטהון אַ לאַנגע קאַפּאָטע, זיינע פּאות זענען שוין איצטער לענגער און וועלען גיכער אויסוואקסען ווי ביי יאנקעלעווסקען, פּיפּטשעט דער קליינער צד זיינס -- מאירקען לויבט אויס על פי יושר פּאר א רב, זיין ווייב זאָגט צו, אַז זי וועט אפילו אין זיין ד' אמות ניט וועלען שטעהען באלד ווי מען וועט איהם נור אויסקלויבען.

נאר דער גוט יודישער צד וויל באין אופֿן ניט וואַרטען, ביז די פּאות ביי ה"‏ יאנקעלעווסקע אָדער ביי מאיר'קען וועלען א מאָל מיט דער צייט אויסוואַקסען און האלטען זיך שטאַרק ביי זייער פֿרעמדען רב, וואָס האט שוין לאַנגע, דיקע שענע פּאות.

און דערווייל געפֿינען זיך אין ראָמען דריי רבנים מיט דריי צדדים, און יעדער צד פּסקט שאלות ביי זיין רב און יעדער צד קלויבט חתימות פֿאַר זיין רב.

ווער ווייסט, מיט וואָס די מלחמה וועט זיך ענדיגען, ווען ביי די צוויי רבנים וועלען אויסוואַקסען די פּאות '..

די צדדים פֿון ה"‏ יאנקעלעווסקע און פֿון מאיר'קען מעסטען שוין איצטער ביי זיי די פּאות צוויי מאָל אין טאָג און וואָס יעדע האָר ווערט לענגער, ווערט די שאַנסען גרעסער.

ווער וויים, ווער וויים, וואָס עס וועט זיין שפּעטער !

בכלל שרעקט מען זיך מעהר פֿאַר מאַדאַם מ. זי רוהט ניט און שלאָפֿט ניט איבער איהר רב, און עס זיך פראסט צו בעוואונדערען ווי קומט צו אַ שוואַכער פֿרוי אזא גבורה, מיט יעדען טאָג קומט איהר צו נייע חתימות, יעדען טאָג א נייער נצחון. איהר צד פֿרעהט זיך זעהר מיט איהר דארק, דערפֿאַר אבער זענען ניט צופֿריעדען פֿון איהרע מלחמות איהרע קליענטען — געטריידעהענדלער — און בעטען נאָט די מלחמה זאל זיך ווי צום ניכסטען ענדיגען.

ווען מען דאַרף אַ רב, איז דא דריי פֿאַר איינעם, און אַז מען דאַרף אַ ראַבינער, איז מיט ליכט ניט צו געפֿינען, און אַז אַ שטאָדט האָט שוין יאָ דאָס גרויסע גליק אַ ראַבינער צו געפֿינען, ווייס מען גאָר ניט מיט איהם וואָס צו טהון פֿון גרוים ליעבשאַפֿט.

אַזא גליקליכע שטאָדט איז איצט מיטאווא. דאָרט האָט מען זיך אַזוי דערפֿרעהט, וואָס מען האָט אויסגעקליבען אַ ראַבינער, אַז פֿון גרוים שמחה האָט מען איהם באַלד נאָך די וויבאָרעס געפֿיהרט פֿון דער אופּראַווע צו הויז מיט וואיענע מוזיק...

אומגליקליך פֿיהלט זיך נעביך די שטאָדט ניקאלעיאוו. דער דאָרטיגער ראַבינער האט זיך אָבגעזאָגט. ביים געזעגענען זיך האָט די שטאָדט לכבוד איהם געמאכט אַ מיטאָג — אַ גאַנצען באַל.

— אפשר איז מעגליך, איהר זאָלט זיך לאָזען איינבעטען און ווידער בלייבען ביי אונז — האָבען זיך געבעטען ביי איהם די געסט וואָס זענען געקומען אויף דעם באַל.

— איך קען ניט, איך וויל זיך אָברוהען אויף דער עלטער.

— וואו זשע זאָלען מיר נעמען איין אַנדער ראַבינער ?

— זוכט, וועט איהר געפֿינען.

— מיר האָבען שוין אומעטום געזוכט און ניט געפֿונען, סיידען אפשר אַוועקגנב'ענען ערגיץ פון אַ שטעדטיל אַ ראַבינער... האָט רחמנות אויף אונז און פֿערלאָזט אונז ניט אַזוי עלענד...

— טהוט, וואָס איהר ווילט, מיינע ליעבע, נאר איך קען ניט.

און אויף דעם מיטאָג, וואו עס האָבען געקלונגען גלעזער און זיך געגאָסען אַ סך וויין, האָבען זיך אויך געהערט זיפֿצען און זיך גע־גאָסען טרעהרען...

אֶמֶת.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — סובארין דער רעדאַקטאָר פֿון „נאוואיע ווריעמיא" האָט זיך געסטאַרעט, אַז די דראַמע „קאָנטראַבאַנדיסטען" אָדער „בני ישראל" פֿון געטויפֿטען יוד ליטווין און קרילאוו, זאָל אויפֿגעפֿיהרט ווערען אין איינינע רוסישע טהעאַטערען. איצט איז ה' קרילאָוו געפֿאָהרען קיין ווין, כדי צו סטאַרען זיך, אַז מען זאָל אין אַ דאָרטיגען טהעאַטער שפּיעלען די „בני־ישראל", אָבער דאָס מאָל איז איהם נישט געגאַלטען און די טהעאַטער־צענזור האָט פֿערבאָטען צו שטעלען די דראַמע. ה' קרילאָוו האָט אפילו מיטגעבראַכט איין עקזעמפּלאַר פֿון דער דראַמע, וועלכע איז דורכגעלאָזען פֿון דער רוסישער טהעאַטער צענזור, אָבער דאָס אַלעס האָט נישט געווירקט אויף די וויענער צענזור.

— אין פּראַג איז אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אין דייטשען טהעאַטער די אָפּערע „דער פּאַלנישער יודע" פֿון קאַרל ווייסס.

— די חברה „אהבת ציון" אין טאַרנאָוו איז בטל געוואָרען, די קאָלאָניע „מחנים" וועלכע איז געשטאַנען אונטער איהר שוין איז איבערגעגאַנגען צו דער חברה „עזרא" אין בערלין.

*

**רוסלאנד.** — דער סענאַט האָט בעשטעטינט, אַז זעצערס ווי אַלע אַנדערע נישטצעהאָווע בעלי־מלאכות, האָבען דאָס רעכט צו וואָהנען אויסער דעם תחום, ווען זיי שטעלען צו אַ פּאַספּאָרט, אַ פּאָליציייציינגים, אַז זיי האָבען נישט אויף זיך קיין שום משפט און אַ צייגנים פון אַ דרוקערי, וואו זיי האָבען גע־אַרבעט אָדער זיך געלערנט.

— דער סענאַט האָט מבטל געוועזען דעם פֿריהערדיגען פּסק דין איבער בלאָנדעס פֿון ווילנא, דאָס מען זאָל איהם בערויבען [זיינע רעכטע און אריינ־זעצען אין תפיסה, און געהייסען נאָך אַמאָל דורכזעהען דעם משפט אין ווילנער אקרוזשנאי סוד.

— אין וואַרשוי האָט מען לעצטענס פֿערקויפֿט זעהר ביליג בילעטען פֿון אויסלענדישע לאָטעריען, די פֿערקויפֿער האָבען זיי אויך בעקומען זעהר ביליג, דען זיי האָבען זיי געלאָזט דרוקען און אַ וואַרשויער דרוקעריי, וואו די פּאָליציי האָט איצט געפֿונען 10,000 בויגען מיט לאָטערייבילעטען.!

**דייטשלאנד.** — דעם 1־טען און דעם 2־טען אפּריל איז געוועזען אין מינכען א אסיפה פֿון ציוניסטישע סטודענטען, אויף וועלכע עס זענען געקומען דעלעגירטע פֿון בערלין, מינכען, לייפּציג, קארלסרוהע, קעטהען, בערן און גענין. נאָך לענגערע רעבאטען האָבען די פֿער־זאַמעלטע אנגענומען די דאָזיגע החלטה : בעת די ציוניסטישע בעוועגונג פֿאַר־

דערט די מיטווירקונג פֿון דער יודישער אינטעליגענץ, פֿערהאַלטען זיך די סטו־דענטען זעהר קאַלט צו דער זאַך און שטעהען כמעט פֿון דער ווייטען. דאס מוז איצט אויפֿהערען; די יודישע אינטעליגענץ מוז אוועקוואַרפֿען איהר קאַלטקייט און גלייכגילטיגקייט און פֿערווענדען איהרע כחות פאר דעם יודישען פֿאָלק. כדי די ציוניסטישע סטודענטישע פֿעריינען זאָלען קאנען בייהילפֿיג זיין דעם אויס־פיהרען פֿון דער ציוניסטישער אידעע, איז צום ערשטען נייטהיג, אז זיי זאָלען אליין ארגאַניזירט ווערען. די דאָזיגע ארגאַניזאַציאָן זאָל פאר זיך אויסקלויבען אזא מין ארבייט, וועלכע איז צוגעפאסט צו די כחות און פֿעהיגקייטען פֿון די סטודענטען. די פֿערברייטונג פֿון דער ציוניסטישער אידעע צווישען פֿאָלק איז נור דאַן מעגליך, ווען די נייטהיגקייט פֿון ציוניזם וועט ווערען בעוויזען שטרענג וויסענשאַפֿטליך, ווען ארץ ישראל, די קאָלאָניזאַציאָן און אויך דאס לעבען פֿון יודישען פֿאָלק וועלען ווערען אויסגעפֿאָרשט פֿון אלע זייטען. די אויפֿגאַבען פֿון דער ארגאַניזאַציאָן קענען ווערען צוזאַמענגעפאסט אין די דאָזיגע פונקטען; 1) וויסענשאַפֿטליכע בעגרינדונג פֿון ציוניזם; 2) קולטורעלע און עקאנאמישע הויבונג פֿון יודישען פֿאָלק. 3) די פֿערברייטונג פֿון דעם ציוניסטישען געדאַנק אין דער יודישער אינטעליגענץ; 4) אויספֿאָרשונג פֿון ארץ־ישראל און די בע־דינגונגען פֿון דער קאָלאָניזאַציאָן.

כדי גרינדליך אויסצואַרבייטען די אלע פונקטען, וועט ווערען צוזאַמענ־גערופֿען א קאָנגרעס פֿון די ציוניסטישע סטודענטען.

*

**פֿראַנקרייך.** — דער רב־הכולל פֿון פֿראַנקרייך ר' צדוק הכהן און נאָך איינינע פֿראַנצויזישע לבנים האבען ארויסגעלאָזען איין אויפֿרוף, אין וועל־כען זיי בעטען נדבות פֿאַר די ביבלאָטהעק „בית נאמן“ אין ירושלים.

*

**ענגלאַנד.** — דער ענגלישער קעניג האָט געגומען אונטער זיין שוץ דעם יודישען שפיטאל און בית יתומים אין לאָנדאָן.

*

**שווייץ.** — דעם „ו ו א ס ח א ד“ שרייבט מען פֿון ב א ד ע ן, אז דעם צווייטען טאג פסח איז דאָרט פֿערפֿאַלען געוואָרען א 7 יאהריגעס מיידיל. עס האָט זי באַלד געפֿונען איין אַנטיסעמיטיש בלאַטיל, וועלכעס האָט ארויסגעלאָזען א שמועה, אז יודען האָבען זי געהרג'ט, נאָר אין 2 טעג ארום איז געפֿונען גע־וואָרען דער קערפער פֿון מיידיל און אויך איהר מערדער, וועלכער איז א געבוירענער שווייצארער.

*

**ארץ ישראל.** — די קייזערליך אָטאָמאַנישע פּאָסט אין ירושלים האָט מודיע געווען, אז אין יודען־קוואַרטאַל אין י ר ו ש ל י ם איז געעפֿענט געוואָרען איין אבטהיילונג פֿון דער טערקישער פּאָסט מ י ט י ו ד י ש ע ב ע־א מ ט ע. אין דער אבטהיילונג ווערען א גאַנצע וואָך, אויסער שבת און יודישע ימים־טובים, צוגענומען און ארויסגעגעבען בריעף. דער חכם־באשא פֿון ירושלים האָט ארויסגעגעבען איין אויפֿרוף, אין וועלכען ער בעט די יודען, אז זיי זאָלען זיך בענוצען נור מיט דער טערקישער פּאָסט.

*

**אפֿריקא.** — די יאהאַניסבורגער יודישע קהלה (אפֿריקא), וועלכע האָט פֿאַר דער מלחמה געבליהט און געלעבט גליקליך, איז איצט כמעט נחרב געוואָרען. דער יקרות איז זעהר גרויס און אָפֿטמאָל קריעגט מען ניט קיין עסען, אפילו פֿאַר געלד, ווייל דער ענגלישער חיל ערלויבט נישט צו פֿערקויפֿען עסענ־וואַרג. דער האַנדעל האָט אין גאַנצען אויפֿגעהערט.

*

**ארגענטיניען.** — פֿון בוענאָס־איירעס שרייבט מען, אז 300 מענשען וועלכע זענען געקומען פֿון רוסלאַנד קיין ארגענטינע אַהין וויסען פֿון חברה יק"א, וואַלגערן זיך ארום אין דעם עמיגראַנטען־הויז און האָבען נישט וואו זיך אַהין צו טהון. די רעגירונג וויל זיי שיקען אין די סטעפּעס פֿון גראַנד־טשאַקאָ.

---

## אָנהויב פֿריהלינג.

הילכיגע פֿייגעליך, ראָזיגע באַבאָטשקעס
פֿליהען ארום אין דער לופֿט.
ס'שפּראַצען און שפּראַצען די בלימעלעך בלימעליך,
ס'ווערט שוין געבאָרען דער דופֿט!

אונטער די שטראַהלען פֿון זון, פֿון די וואַרעמע,
אונטער דעם פֿייגעל־געזאַנג
אָבגעלעבט האָט שוין די ערד, וואָס געוועזען איז
טויט און פֿערפֿראָרען גאַנץ לאַנג.

ס'פֿליעסט שוין דער לעבענס־זאַפֿט טיעף אין איהר אינווייניג,
פֿליעסט, געהט אריבער די מאָס!

ס'גיעסט זיך דער זאַפֿט אין די בוימער די טרוקענע,
גיעסט זיך אריין אין די גראָז!

גרינעליך גרינגעקע, דינגעקע, ווידענע
הויבען און הויבען זיך הויך;
נעכטען וואו גרוי און פֿערחשכ'ט געוועזען איז,
גרין איז שוין היינט דאָרט און ווייך!

בוימער געבוינענע, היילע און נאַקעטע,
נעהמען זיך אויסגלייכען שוין:
ס'שטעהט שוין די ווערבע מיט קנאָספּען מיט זילבערנע
אויסגעציהרט ווי מיט א קרוין.

פֿון דעם בעראָזע־בוים הענגען, ווי גאָלדענע
פֿרענזליך, די הענגליך אראָב;
קליינינקע בלעטעליך ציטערן, פֿלאַטערן,
שאָקלען זיך איבער מיין קאָפּ.

אויף דעם קאַשטאַניען־בוים, לאַנג שוין געעפֿענטע
זענען די בלעטער פֿול זאַפֿט...
פֿריש איז ארום אלץ און יונג, פֿול מיט האָפֿנונג,
שטרעבען צום לעבען און קראַפֿט!

א. ש. שוואַרץ.

---

## פֿריהלינגס ליעדער.

(א מעשה'לע).

(ג ע ו ו י ד מ ע ט י. ל. פ ר ע צ ו ' ז ע י ן 25־י א ה ר י ג ע ן י ו ב י ל י י.)

עס איז געוועזען און עס האָט געלעבט א סולטאַן, ביי וועלכען די געלד־קאַסע איז געוועזען פּוסטע, דעריבער האָט ער ניט אויפֿ־געהערט צו טראַכטען וועגען דעם ווי אַזוי ארויפֿצולעגען א גרעסערען מס אויף זיינע אונטערטהאַנער.

איין מאָל האָט ער גערופֿען צו זיך דעם גרויסען וויזיר און האָט איהם געזאָגט:

— הער נור, וויפֿיעל פּאָעטען וואָהנען אין מיין לאַנד? וויפֿיעל איז די צאָהל פֿון זיי?

— פֿערשריבענע רעכענען זיך פֿיערצעהן טויזענד, מיין הער־שער, נאָר באמת געפֿינען זיך א סך מעהר.

— פֿיערצעהן טויזענד! — האָט אויסגעשריען דער סולטאַן — פֿיערצעהן טויזענד פּאָעטען איז דאָ אין מיין מלוכה? איין אַרמעע פֿון פֿיערצעהן טויזענד אומזיסטיגע עסער האָב איך אין מיין לאַנד? פֿאַר וואָס ארבייטען ניט די דאָזיגע מענשען? פֿאַר וואָס נעמען זיי זיך ניט צו א וואָסער עס איז מלאָכה? פֿאַר וואָס טהוען זיי ניט עפּיס וואָס ניצליכעס? איצטער וועל איך זיך נעמען צו זיי! ווער עס וועט פֿון איצטער אָן וועלען זיין פּאָעט וועט דאַרפֿען אין מיין קאַסע אריינטראָגען א גרויסען מס.

— אָך, אייער ליכטיגקייט, די אלע מענשען זענען ניט בכח צו צאָהלען קיין גראָשען.

— אויב אַזוי, יעדער פּאָעט, וואָס וועט פֿון איצטער אָן וועלען שרייבען בעפֿעהל איך געבען פֿיערציג קלעפּ מיט שטעקענעס ווען ער וועט ניט האָבען קיין געלד איינצוצאָהלען דעם אָבצאָהל. נו, געה!

באַלד האָט מען אויף די פּויקען אויסגעפּויקט אין דעם גאַנ־צען לאַנד דעם סולטאַנס בעפֿעהל. אויף די פּאָעטען איז געפֿאַלען א מורא און די גזרה האָט אַנגעמאַכט צווישען זיי א גרויסע אויפֿרעגונג. פֿון אַלע עקען לאַנד האָבען זיי זיך צוזאַמענגעקליבען אויף איין

אסיפה, מען זאָל האַלטען איין עצה. די אסיפה איז פאָרגעקומען אויף א בארג פערוואקסען מיט לאָרבער בלעטער. זייער טרויער איז געוועזען אזוי גרויס, אז איינער האָט פאָרגעלעגט, דאָס אַלע פייער־צעהן טויזענד פאַעטען זאָלען זיך נעמען צום געוועהר, זיי זאָלען פער־פאַסען א מיליטערישעס ליעד און נאָך דעם טאַקט פון דעם ליעד ארויסטרעטען געגען דעם טיראַן. נאָר די פערזאמלער האָבען געזאָגט, אז איצטער טאָר מען מעהר ניט טראַכטען וועגען פערפאַסען ליעדער, ווייל מען דאַרף דערפאַר צאָהלען א בעשטימטען מס. אזא פערלאַנג איז א גרויס בעליידיגונג פאַר פאַעטען.

לאַנג האָט אין דעם לאַנד דאָס יאָהר געהאַלטען דער ווינטער, און עס איז געוואָרען א גרויסער הונגער. דער סולטאַן זעלבסט איז געזעסען טרויריג אין זיין שענעם פאלאַץ, חאָטש ער זעלבסט האָט זיך אין גאָר ניט געגייטיגט. דער ווינטער האָט אַלץ שטאַרקער ארומ־געקאָוועט די נאַטור און דער פריהלינג איז אַלץ ניט געקומען.

דער סולטאַן האָט בעפאָהלען דעם וויזיר, ער זאָל איינלאַדען א קאַראַוואַן מיט טייערע מתנות און אוועקשיקען צו דער מוזע פון פריהלינג מיט א בקשה, זי זאָל קומען אין זיין לאַנד.

לאַנג לאַנג, וואַלד אויס, וואַלד איין איז דער קאַ־ראוואַן געגאַנ־גען און געגאַנגען ביז מען האָט בעגעגענט די פריהלינגס־מוזע. זי האָט גערוהט אויף דעם ברעג פון א לויפענדיגען טייך. זי האָט גע־פאַסעט שאָף און געשפּיעלט אויף א פייפעלע. פרעהליך האָט גע־איילט צו איהר דער וויזיר און האָט איבערגעגעבען די בקשה פון זיין האַר.

דער ענטפער פון פריהלינג איז ניט געוועזען קיין אננעהמער.

— איך וועל צו אייך מעהר ניט קומען, די מתנות קענסט דו נעמען צוריק און זיי אָבפיהרען צו דיין האַר.

נאָר ווען דער וויזיר האָט ניט אָבטרעטענדיג געבעטען, אז זי זאָל איהם ערקלעהרען די אורזאכע דערפון, האָט פריהלינג געזאָגט:

— שוין זשע, מיינט איהר, אז איך בין פעהיג צו קומען אין א לאַנד, וואו מען שטיקט און מען דריקט פאַעטען? דיין סולטאַן איז א ווילדער און איך וויל מיט איהם ניט האָבען קיין שום געשעפטען.

— נור, טייערע פריהלינגסמוזע, הער מיך אויס, האָט געבעטען דער וויזיר—טאָקי נור לכבוד דיר וויל מיין הערשער ניט, אז דיך זאָלען בעזינגען ניט קיין גרופענע פאַעטען, ער וויל אז נור אונשטערבליכע זאָלען זינגען דיין שענקייט.

— איך בין איהם זעהר דאַנקבאַר, האָט זי געענטפערט, נאָר איין אמת'ע פרייד וואָלט געוועזען פאַר מיר צו זעהן, ווי אין אונזער צייט, וואָס איז פול מיט מאַטעריאַליזם, געפינען זיך פון דעסטוועגען א ושמעניע מענשען, וואָס האָבען מיך ליעב און קוועלען אָן פון מיר. נאָר ווער האָט געזאָגט דיין הערשער, אז צווישען די, וועלכע ער רע־כענט פאַר ניט גערופענע, וועט זיך ניט געפינען איינער, וואָס זיין נאָ־מען וועט מיט דער צייט קלינגען? אָדער אפשר אין אזא ווילד לאַנד ווי אייערס איז דאָס גאָר ניט מעגליך?...

און דער וויזיר האָט געמוזט זיך אומקערען אהיים מיט גאָר ניט.

*

ווען די נייעס אין לאַנד האָט זיך פערגרעסערט, האָט דאָס פאָלק געשיקט צים סולטאַן א דעפוטאַציע, וועלכע האָט איהם אזוי געזאָגט:

— זעה, מיר זענען דיינע איבערגעבענע אונטערטהאַנער, זיי זשע צו אונז גענעדיג, רוף אָב דעם שרעקליכען בעפעהל, וואָס דו האָסט ארויסגעגעבען פאַר די פאַעטען, דענסטמאָל וועלען זיי אָנהויבען שרייבען זייערע ליעדער, וועט פריהלינג צו אונז קומען.

דער סולטאַן האָט זיי מיט שטאָלץ געענטפערט:

— איהר זענט אַלע נאַראָנים.

נאָר איינמאָל ביי נאַכט איז צום סולטאַן געקומען צו חלום א פערשטעלט געשטאַלט און געזאָגט צו איהם:

— אין מזרח זייט פון דיין לאַנד וואָהנען א הויפען מענשען ליעדערזינגער. אין שטילקייט, ביחידות טרינקען זיי פון דער מוזעס טייערער גוב און טהוען נאָר ניט אז דאָס פאָלק זאָל עס אויך האָבען. שיק צו זיי וועסט דו געטריסט ווערען.

און דער סולטאַן האָט אזוי געטהון ווי דאָס פערשטעלטע גע־שטאַלט האָט איהם געראַטען.

ווען דעם סולטאַנס שליחים זענען געקומען, האָבען די פאַעטען פון צווישען זיך אויסגעקליבען דעם שענסטען יונגען מאַן, מען האָט איהם אויסגעבאָדען, צוקעמט זיינע לאַנגע צוּוואָרפענע האָר און איהם אוועקגעלאָזט אין וועג אריין.

ווען דער שענער יונגער מאַן איז געשטאַנען פאַר דעם סולטאַן און שטאָלץ געהאַלטען הויך דעם קאָפּ, האָט דער סולטאַן איהם גע־פרעגט:

— דאָס ביזט דו דער אויסגעקליבענער פאָעט?

— דאָס בין איך, האָט ער געענטפערט און אָנגעהויבען זינגען א ליעד לכבוד פריהלינג.

ווי נור די קולות פון דעם ליעד האָבען דערגרייכט דעם הימעל, האָט די זון אָנגעהויבען שיקען אויף די ערד איהרע וואַרעמע ליכטיגע שטראַהלען, די פייגעליך האָבען פערצווינען זייערע ליעדליך.

— עס געהט, עס געהט! — האָט דאָס פאָלק געשריען — פריהלינג געהט, דאָס זענען די שליחים פון פריהלינג!

פריי בעאַרבייטעט אויס דעם רוסישען.

ל"ג בעומר, תרס"א. מ. ס.

---

# אַ מַתָּנָה אונזער דיכטער י. ל. פֶּרֶץ

## אין דעם טאָג פון זיין געבוירען.

— מלאך, דו מלאך, וואָס ביזט געזעצט און דו געוועלטיגסט איבער אַלע גאַרטענס און בוימער, איבער אַלע גרעזער און בלומען, קו־מען זאָלסט דו די מינוט צו מיר.

ער איז געקומען.

געפּוצט און געצירט איז געווען דער מלאך מיט די שענסטע בלו־מען, מיט די פראַכטפאָלסטע רויזען, צומייסטען מיט די יונגע ערשט אויס־געוואַקסענע בלומען, וואָרום פריהלינג איז פונקט ערשט געווען. און דאָס גאַנצע צימער מיינס איז פול געוואָרען מיט דעם דופט פון זיינע רויזען.

איך זאָג צום מלאך:

— מיין גוטער מלאך, מיין ליעבער מלאך, א ביטע האָב איך צו דיר, היינט פייערט מען דעם טאָג פון אונזער דיכטערס געבוירען, און איך וויל איהם א מתנה געבען.

— דערום מיין מלאך, בעט איך דיך, פליה און ברענג מיר אַלע שענסטע בלומען, וואָס האָבען געבליהט און געוואַקסען פון די טרעה־רען, וועלכע זענען פערגאָסען געוואָרען בעת מען האָט געזונגען אונזער דיכטערס געזאַנגע. די בלומען זאָלסט דו מיר ברענגען, וואָרום די בלו־

מען וויל איך א מתנה שענקען א ו נ ז ע ר דיכטער אין דעם טאג פון זיין געבוירען.

— גוט, גוט, ענטפערט מיר דער מלאך מיט א ליעב געלעכטעריל, צושפּרייט זיינע צוויי ווייסע פליגלען און פליהט אוועק.

ער קומט אבער באלד צוריק, ער שטעלט זיך אנידער אין א ווינ־קעלע פון מיין חדר, טרויריג, ברוגז׳דיג און לאזט אראב זיין שענעם קאפ.

— נו, האסט געבראכט? גיב איך איהם א פרעג.

— ניין! ענטפערט ער מיר מיט א קינדישער וויינענדיגער מינע.

— וואו ביזט דו געוועזען? וואו האסט דו זיי געזוכט? פרעג איך איהם.

און ער ענטפערט מיר:

— וואו נור א גארטען איז, וואו נור א בוים וואקסט, וואו נור א ליידיג שטיקיל ערד און איינינע גרעזליך בליהען, וואו נור א בלימע־לע שטעקט ארויס זיין קעפיל אויס א שפּאלט פון א שטיין, דארט בין איך געווען, דארט האב איך זיי געזוכט.

— נארישער מלאך! נארישער מלאך! נישט אין גארטענס, נישט אין פעלדער האבען זיך געהערט אונזער דיכטערס געזאנגע, און די טרעהע־רען פון זייערע זינגערס זענען נישט געפאלען אויף ליידינע ערד. ניין, נישט פאר די מענשען, וואס זיצען אין גארטענס, אין פעלדער האט אונ־זער דיכטער געזונגען.

אונזער דיכטער האט געזונגען פאר מענשען, וואס האלטען איין האמער אין האנד און קלאפּען, און דעם לעזער׳ס טרעהרען זענען גע־רונען אויף שטאהל, אויף שטיינער און אויף אייזען.

— אויב אזוי ענטפערט מיר דער מלאך, האב איך נישט קיין בלומען פון די טרעהרען, וואס זענען געפאלען אויף שטאהל, אויף שטיינער און אויף אייזען. פאר אזינע דיכטער האב איך קיין בלומען נישט.

— נישט בלומען שענק איהם פאר א מתנה אין דעם טאג פון זיין געבוירען, טרעהרען, ביטערע, געזאלצענע טרעהרען שענק איהם.

אזוי האט געענטפערט דער מלאך און ער איז אוועקגעפלויגען.

* * *

— מלאך, דו מלאך, וואס דו ביזט געזעצט איבער אלע טרעה־רען, וואס רינען ארויס פון דעם מענשענס אויגען, און דו ווייסט, וועל־כע טרעהרען עס קומען פון טיעפען הארץ, און וועלכע טרעהרען זענען פאלש, מלאך, וואס דו ביזט געזעצט איבער אלע ביטערע קרעכצען, קום אהער און שטעל דיך פאר מיר.

ער איז געקומען.

טרויריג, וויינענדיג איז געווען דער מלאך, א געפרוירענע פער־גליווערטע טרעהר האט געהאנגען אויף זיין געזיכט.

איך זאג צום מלאך:

— מיין גוטער מלאך, מיין ליעבער מלאך, וואס דו ביזט געזעצט איבער אלע טרעהרען, איבער אלע געוויינען, דו ווייסט די ארימע טרעה־רען, וואס זענען גערונען פון דעם לעזער׳ס אויגען, דו, מלאך, וואס דו האסט צוגענומען די אלע ביטערע קרעכצען, וואס האבען זיך ארויסגע־ריסען פון דעם לעזער׳ס הארץ, זינגענדיג אונזער דיכטער׳ס גדיכטע, ברענג מיר זיי. אט די דאזיגע טרעהרען און די קרעכצען, ווארום א מתנה וויל איך ברענגען אונזער משורר אין דעם טאג פון זיין גע־בוירען.

— זאל אונזער דיכטער וויסען, ווי א געטרייער טאטע ער איז געוועזען פאר זיינע לעזער, און ווי ער האט זיי צוגעטראפען און ארויס־געזונגען אלץ וואס אין זייערע הערצער איז.

— גוט, גוט, ענטפערט מיר דער מלאך. טהון וועל איך אלץ, וואס דו הייסט מיר, און אויף מיינע פליגלען וועל איך דיר ברענגען די טרעה־רען, כדי עס זאל זיין א מתנה פאר אייער דיכטער אין דעם טאג פון זיין געבוירען.

אזוי האט מיר געענטפערט דער מלאך, און ער איז אוועקגעפלויגען.

— נו. וואו האסט דו זיי, גיב איך איהם א פרעג, ווען ער איז צוריקגעקומען און טרויריג האט ער זיך אנידערגעשטעלט אין א ווינ־קעלע פון מיין חדר און געקוקט אויף מיר מיט א וויינענדיגער מינע.

— ניין, איך האב נישט געפונען די טרעהרען פון אייער דיכטערס לעזער.

— וואו האסט דו זיי געזוכט?

— אין יעדען אויג, אויף יעדען געזיכט פון די לעזער, ענטפערט ער מיר.

— אוי, קינדישער מלאך. אוי, קינדישער מלאך. אונזער דיכטער האט נישט געזונגען פאר די מענשען, וואס זייערע טרעהרען ליגען זיי תמיד אין די אויגען און וועלכע גיסען זיך ביי יעדער קלענסטער גע־לעגענהייט ווי וואסער. די מענשען, וואס פאר זיי האט אונזער דיכטער געזונגען, ווייסען נישט וואס טרעהרען זענען, זיי ווייסען נישט ווען די טרעהרען רינען זיי פון די אויגען.

— און ווידער מיין קינד. אונזער דיכטער׳ס געזאנגע האבען נישט ארויסגערופען די טרעהרען אין די אויגען, אז זיי זאלען אראברינען אויפ׳ן געזיכט. די טרעהרען האבען גערונען, מיין קינדישער מלאך, אויף דעם הארץ פון לעזער און דארטען האבען זיי געפלאנצט די איידעלסטע גע־פיהלען, די היילינסטע גדאנקען, בלומען האבען זיי געפלאנצט אבער אויף דעם הארץ פון די לעזער.

— אויב אזוי, ענטפערט מיר דער מלאך, האב איך נישט קיין טרעהרען פאר דיין דיכטער. געה זוך דעם מלאך, וואס איז געזעצט איבער די גדאנקען, איבער די געפיהלען פון דעם מענש.

אזוי האט געענטפערט דער מלאך. און ער איז אוועקגעפלויגען.

* * *

— מלאך, דו מלאך, וואס דו ביזט געזעצט און געוועלטיגסט איבער אלע געפיהלען און גדאנקען פון דעם מענשען, און דו ווייסט, וועלכער גדאנק, וועלכעס געפיהל איז ריין און אונשולדיג, וועלכער גדאנק, וועלכעס געפיהל איז זינדיג און בעשמוצט, קום דו מלאך און שטעל דיך פאר מיר.

ער איז געקומען:

שען און ליכטיג, פרום און איידעל איז געווען דאס געזיכט פון דעם מלאך, און די שכינה האט דערויף געשיינט.

איך זאג צום מלאך:

— מיין גוטער מלאך, מיין ליעבער מלאך דו ביזט געזעצט און דו געוועלטיגסט איבער אלע געפיהלען, איבער אלע גדאנקען פון דעם מענש, און די ווייסט דו היילינסטע ריינסטע גדאנקען, די טיפסטע איידעלסטע געפיהלען, וואס אונזער דיכטער׳ס געזאנגע האבען געוועקט אין דעם לעזער׳ס הארץ, פליה און ברענג מיר זיי, ווארום א מתנה וויל איך שענקען אונזער דיכטער און דעם טאג פון זיין געבוירען.

דער מלאך ענטפערט מיר:

— נאַרישער מענש, נאַרישער מענש, די נעפּיהלען, די געדאַנקען, וועלכע אייער דיכטערס געזוננע האָבען געוועקט אין דעם לעזער'ס האַרץ, קענסט דו נישט צעהלען, קענסט דו נישט מעסטען, דו נאַרישער מענש קענסט דאָס נישט זעהן מיט דיינע אויגען, קענסט דאָס נישט נעמען אין דיין האַנד, אַז דו זאָלסט עס געבען אַ מתנה אייער דיכטער אין דעם טאָג פון זיין געבוירען.

— נאָר נישט וויין. האָרך מיך אויס, דו מענש, וואָס איך וועל טהון, זאָגט דער מלאך און אַ שמייכעלע שוועבט אויף זיינע ליפּען.

— נעהמען וועל איך מלאך, די אַלע הייליגע ריינע געדאַנקען, די אַלע טיעפּסטע איידעלסטע געפּיהלען, וואָס אייער דיכטערס געזוננע האָבען געוועקט אין דעם לעזער'ס האַרץ, שפּינען וועל איך זיי, וועבען וועל איך זיי. איך וועל מיט זיי אַרומשלייערן אייער דיכטער'ס פּאַנ־טאַזיע. און אַרומוועבען וועל איך מיט זיי די געפּיהלען און די געדאַנ־קען פון אייער דיכטער'ס פּאָעזיע. זאָל אייער זעננער וויסען די הייליגע, ריינע געדאַנקען, די טיעפּסטע איידעלסטע געפּיהלען, וואָס זיינע גע־זעננע האָבען אַ־ויסגערופען פון דעם לעזער'ס האַרץ.

— גוט, גוט! האָב איך אויסגעשריען, וואָרום אַ מתנה וויל איך ברענגען אונזער דיכטער אין דעם טאָג פון זיין געבוירען.

שלום אש.

---

# דאָס געעפענטע פענסטער.

חיים סטאַרי־גראַט פערדיענט זיינע דריי־פיער רובל אַ וואָך. ער האַנדעלט מיט אַלטוואַרג און האָט חן ביים מוכר און מזל צום קונה. וואָס ער נעמט אין די הענד, אַ צוריסענע פּאָר פּלודערן, אַן־אַלטען צילינדער, אפילו געלעכערטע קאַלאָשען, פון אַלעם ווערט סחורה: ער לאַטעט, פּוצט, פּערניסט, פערשמעלצט און פערצוקערט! מיט יודען מאַכט ער אפילו קיין שום עסקים נישט. מיט אַ יוד, זאָגט ער, איז נור גוט צו עסען קוגעל און אויך נישט פון איין טעלער. נאָר געלויבט איז זיין ליעבער נאָמ'ען, וואַרשוי ווימעלט מיט קריסטען, אַז בעסטען מאַכט ער געשעפטען מיט סטודענטען אַפּטייקערס, אַקטאַרען וכדומה. און דעריבער יעדען פריהמאָרגען, אַז ער געהט אַרויס נאָכ'ן דאַווגען פון דער היים, היפּט ער איבער אַלע יורישע הויפען און אונטער־גאָסען און ערשט ווייט ווייט, וואו קריסטען וואָהנען הויבט ער אָן רופען: האַנדעל־האַנדעל! עס איז אַ שטיק וועגס, דאָס אַרומגעהען פון הויף צו הויף איז אויך נישט לייכט, אין די לעצטע צייטען זענען איהם נאָכט ביי נאָכט די פיס אָנגעדראָלען... טהייל מאָל ברעכט אַ פליי־צע אויך, ווייל נישט איינמאָל טריבט איהם דער סטרוזש אַ־רויס פון'ם הויף—מיט'ן בעזעם, נאָר אויך די איינגענע מעשה, אַ'גיט וואָלט דאָך צו גוט געוועזען...

זיין ווייב ציפּע שטעהט זומער אין טויער פון די טרייפענע יאַטקעס, און פערקויפט אויסגעזאָטענע ביבער מיט אַרביס; זי פערדינט אויך עטליכע גראַשען אין אַ זומער־טאָג... הו'ץ דעם באָדט מען זיך אין ביבער מיט אַרבעס און שבת איז דאָ ב"ה מיט וואָס מכבד צו זיין דעם פּעטער מיכאַל, דעם תלמוד־תורה־מלמד, דאָס שיינדיל פון דער משפּחה. ווינטער טראָגט זי אַרום נאָפט אין די הייזער. אין דער היים— אַ קליין אַלקעריל אויפ'ן פירטען שטאָק, אונטערן דאָך — זיצט מיט די קינדער איהר אַלטע מוטער, ציפּע קומט נור אַרויפצולויפען אַ 4—5 מאָל אין טאָג אָנצוזויגען דאָס קינד.

און אונזער חיים מיט זיין ווייב ציפּע זענען כמעט צופרידען, זיי וויסען אפילו. אַז מאַטיל קצב פון צווייטען שטאָק עסט טאָג ביי טאָג פלייש און ס'איז איהם בעסער ווי זיי, אָבער ווי די אַלטע מאַמע זאָגט,— אַרויפקוקען איז דאָך גאָר אָהן אַ שיעור; אַז מען קוקט אָבער אַראָב, איז דאָך זיי אַ סך בעסער, ב"ה, ווי יוסיל שוסטער דעם סוהאַטניק וואָס אַרבייט טאָג און נאַכט נעביך שווער און ביטער און שטאַרבט פון דעסטוועגען מיט ווייב און קינדער פון הונגער.

און זיי וואָלטען גאָט געלויבט און געדאַנקט פאַר זיינע חסדים, ווען נישט איין זאַך, וואָס פערביטערט אונזער פּאָר פּאָלק זייער לע־בען: רחמנא ליצלן, עס האַלטען זיך ביי זיי קיין קינדער נישט!

פון זעקס זענען איבערגעבליבען נור צוויי, געבאָרען ווערען זיי קליין און דאַר, לעבען אָב 6—7 חדשים, אויב מען קען עס רופען געלעבט, און פערגעהען... די צוויי, וואָס זענען דאָ, אַ יונגעלע אַלטער'ל פון אַכט הדשים און אַ' מיידעלע רבקה'לע פון דריטהאַלבען זענען אויך זעהר שוואַך, פערקיהלען זיך אַלע מאָנטאַג און דאָנערשטאַג, פון דער מינדעסטער זאַך הויבען זיי אָן ברעכען און פאַלען אַוועק. חיים קאַרגט נישט קיין געלד אויף דאָקטוירים, לויפט צו גוטע יודען און נאָך נישט...

דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אַ די נאַסע דירה איז שולדיג, ער זאָל זיך אויסציהען פון דער ענגער, נאַסער סוטערינע אויף דער ניזקא־גאַס, גוטע יודען האָבען אויך געהייסען משנה־מקום זיין. חיים האָט געפאָלגט און האָט זיך אויסגעצוויגען פון דער סוטערענע אויף דער ניזקא אין אַ פּאַציאַטקע אויף פראַנציסקאַנער גאַס. נאָר, אַ בייזער גזר דין, דאָ זענען שוין אויך צוויי אומגעקומען.

אין אַ תמוז־אָבענד שלעפּט זיך חיים אַהיים שטאַרק פער־טראַכט; אַלטער'ל מאָזולט שוין אַ פּאָר טאָג, נעכטען ביי נאָכט האָט ער נאָך אָנגעהויבען צו הוסטען און חיים איז שוין אַ מומחה אויף די זאַכען — דאָס היסטיל געפעלט איהם ניט, און איין ג.ט וויסט, ווי אַזוי דאָס קינד האָט זיך פערקיהלט! קוים האָט ער אָנגעהויבען צו מאָזלען האָט חיים פערשלאָגען דאָס פענסטער מיט אייזערנע צוועקעס עס זאָל עס חלילה קיינער נישט עפענען ווען ער וועט נישט זיין אין דער היים און דאָס פערשלאָגענע פענסטער האָט ער נאָך פערהאַנגען מיט אַ דיקער קאָלדרע. דאָס קינד ליגט אין וויגעל אין צוויי לייבער־ליך, צוגעדעקט מיט אַ קישען. אין שטיבל איז קיין עין־הרע אַזוי היים, אַז חיים מיט ציפּע'ן קאָנען אַ גאַנצע נאַכט אַ אויג נישט צו־מאַכען, אפילו די שווינער, וועלכע שרייט שטענדיג, אַז ס'איז איהר קאַלט, זאָגט אויך, זי שוויצט, און אַז ס'איז בעשערט צו פערקיהלען זיך, העלפט נישט קיין חכמות. אין אַזעלכע מחשבות טרעט אָב חיים אין אַ געוועלביל, קויפט גראָשענע ליכטליך און האַפּט זיך אַריין אין אַ שולעכיל אויף מנחה־מעריב. די ליכטליך דערלאַנגט ער דעם שמש. „ווער איז ביי דיר ווידער קראַנק"? — פרעגט איהם דער שמש. „מיין אַלטער'ל מאָזעלט" ענטפערט איהם חיים. „אויך מיר אַ קריינק־מאָזלען", ציהט דער שמש מיט די פּלייצעס, און ווער פון א'נז האָט נישט גע־מאָזעלט? האַ? השם־יתברך וועט העלפען,— גיט ער צו מיט אַ וועיך קול,— און פרעגט: אפשר עפּיס אויפ'ן נר־תמיד. חיים דערלאַנגט אַ פּאָר גראָשען אויפ'ן נר־תמיד?" חיים דאַווענט מיט גרויס כונה, ביי רפאנו, אין דער שמונה־עשרה האָט ער שטאַרק און זינגען אַלטער'ן און געהט אביסיל רוהיגער אַ היים. אין דעם טויער זעהט ער נישט ציפּע'ן. האַ? וואָס איז דאָס? שטענדיג וואַרט זי אויף איהם אין דעם טויער, ער העלפט איהר פערקויפען ס'ריעשטיל סחורה און האַפּט אַליין אויך אַ־ביסיל, דאָס האַרץ קלאַפּט אין איהם. אין איין רגע איז ער שוין

אויפ'ן פֿירטען שטאָק און עפֿענט אין איין שרעק די טהיר. ציפּע זיצט מיט פֿערבראָכענע הענד און וויגט דאָס קינד.

— נחמן־מענדל איז געוועזען? פֿרעגט חיים פֿערסאַפּעט.

-- געוועזען, ענטפֿערט ציפּע מיט אַ קרעכץ.

— וואָס האָט ער געזאָגט? פֿרעגט ווייטער חיים.

— איין אָנצינדונג, האָט ער געזאָגט, ער האָט געהייסען שטעלען אַ פּאָר טרוקענע באַנקעליך און האָט פֿערשריבען אַ פֿלעשעלע. אַז ס'וועט חלילה נישט בעסער ווערען, האָט ער געזאָגט, זאָל מען רופֿען אַ דאָקטאָר, ווייל מען וועט אפשר בעדאַרפֿען שטעלען אַ פּאָר געהאַקטע באַנקעליך.

חיים בייגט זיך איין צום וויגעל. ס'קינד ליגט גוט בעדעקט מיט אַ קישען, מ'זעהט נור אַרויס ס' פּנימ'ל, וואָס איז פֿול מיט מאָזעל־פֿלעקען און פֿלעקען פֿון בלאָטע און אומריינקייט, ווייל ציפּע ווייס, אַז ביי מאָזלען טאָר מען נישט נעטצען. דאָס קעפּיל איז פֿערבונדען מיט אַ געלע פֿאַטשיילע, די איינעליך זענען פֿערקלעבט מיט אייטער, די וו נקלען פֿונ'ם מיילעכיל זענען אויך נישט פֿריי פֿון בלאָטע און בלעטערליך, דאָס העלזיל איז פֿערבונדען מיט אַ טיכיל, וועלכעס איז געוועזען אפשר אַמאָל ווייס. די לייבליך זענען אַזוי ענג און שטעהען אַזוי צו, אַז מ'קען קוים אַריינשטעקען דעם קליינעם פֿינגער צווישען זיי אַרום העלזיל. און דאָס בענדיל פֿון דער קָמֵיעָ, וואָס דאָס קינד טראָגט אויפ'ן העלזיל מאַכט אויף איהם אַ טיפֿען צייכען. ס' קינד ליגט נאַס, ווי אין אַ טייך, סאַפּעט און די פֿליגעל פֿון דער נאָז ארבייטען שטאַרק.

„מיין טהייערער אוצר" זאָגט חיים איינגעבויגען איבער'ן וויעגעל און טהוט דעם קינד אַ קוש. „וואָס מאַכט רבקה'לי"? פּ־עגט ער אויס־גלייכענדיג די ביינער.

— זי שלאָפֿט שוין, ענטפֿערט ציפּע, זי האָט אויך אַ קאַטאַר.

— ביסטו אוודאי הונגריג? פֿרעגט ציפּע.

— ניין, ענטפֿערט חיים מיט אַ האַלב מויל, וואַרפֿט פֿון זיך אַראָב די קאַפּאָטע, פֿערדרעהט דעם לאָמפּ און זעצט זיך נעבען טיש. ציפּע בלייבט ביים וויעגעל, דער שווייס גיסט זיך פֿון איהר, נאָר זי מאַכט זיך נישט דערפֿון. זי קוקט אַלע ווײלע אויפ'ן וואַנדזייגער, וואָס חיים האָט אַ פּאָר חדשים צוריק געקויפֿט בחצי הנם. ער שטעהט אָבער און זי מוז זיך משער זיין, ווען איינצוגעבען די רפואות.

— דאָס קינד שלאָפֿט, דאַכט זיך, זאָגט ציפּע צו היימ'ן. צי זאָל איך עס אויפֿוועקען צום מעדיצינדיל?

— אַוודאי, ענטפֿערט חיים.

ציפּע נעמט אַרויס פֿון אַ קליין טעפּיל דאָס צ נערנע לעפֿעלע, ווישט עס אָב מיט'ן ברודיגען פֿאַרטוך, גיסט אָן פֿון פֿלעשעלע פֿול, מיט דער לינקער האַנד הויבט זי אונטער דעם קאָפּ־קישען און מיט דער רעכטער פּאַקט זי דאָס לעפֿעלע אין קינד'ס מיילעכיל. דאָס קינד הויבט אָן צו דרעהען מיט'ן קעפּיל אַהין און אַהער, העלפֿט פֿערגיסט זיך און רינט אַראָב אויפ'ן העלזיל, מיט דער אַנדערער העלפֿט פֿערחליפּעט זיך דאָס קינד און הויבט אָן שטיל צו וויינען.

— צו רפואה — זאָגט ציפּע, איבערלעבען זאָלסטו מיינע ביינער, ער קרעכצט נעביך, איין אַלטער.

— „אַ רפואה שלמה מן השמים", ענטפֿערט חיים און הויבט אָן צו דרעמלען.

ציפּע ווישט אָב דאָס קינד און וויגט ווייטער.

— חיים!

— האַ?

— ס'קינד מאַכט אַלין מיט די ליפּעליך.

— גיב איהם אפשר די ברוסט.

— ציריל די וועכטערקע האָט נישט געהייסען.

ציפּע וויעגט ווייטער און אַלע מינוט וואַרפֿט זי אַ בליק אויפ'ן שטעהענדיגען וואַנד־זייגער. חיים דרעמעלט.

— חיים!

— האַ?

-- ס' קינד הערט גאָר נישט אויף צו הוסטען.

— ווייסט וואָס, ענטפֿערט חיים, גיב דאָס מעדיצינדיל עפּטער. אַלע האַלבע שעה.

— איי, כ' זעה גאָר נישט, ס' זאָל עפּיס העלפֿען, ענטפֿערט מיט אַ וויינענדיג קול ציפּע. נחמן־מענדל שפּיעלט זיך מיט'ן קינד.

חיים דרעמעלט ווייטער. ציפּע פֿאַלט אויך אַראָב אַלע רגע דער קאָפּ אויף די ברוסט, און מיט דעם רעכטען פֿוס שאָקעלט זי דרעמ־לענדיג דאָס וויעגעל, דאָס קינד וואַרפֿט זיך אומרוהיג אין וויעגעל. דאָס שטיביל איז פֿול מיט דעם נאַפֿט־ריח פֿונ'ם פֿערדרעהטען לאָמפּ, און דער אַלטער טאַפּטשאַן אונטער'ן אויווען קרעכצט אַלע ווײלע אונטער דער נאָך עלטערער מאַמע.

חיים! וועקט ציפּע נאָך אַ קליינער ווײלע, חיים! ס' קינד איז עפּיס גאָר פֿערענדערט געוואָ־ען, ס' עפֿענט שוין נאָר די איינעליך נישט ס' אַרבייט זעהר מיט די זייטליך. כ' האָב מורא צו וואַ־טען ביז אין דער פֿריה. למען השם, מע דאַרף האַפּען אַ דאָקטאָר.

— ווי שפּעט קאָן זיין! פֿרעגט חיים און שטעהט שוין אויף די פֿיס און טהוט אָן די קאַפּאָטע.

— ס' מוז זיין אפשר צוויי, ענטפֿערט ציפּע.

— וועלכען דאָקטאָר זאָל איך רופֿען? פֿרעגט ווייטער חיים.

— כ' זאָל אַזוי וויסען פֿון שלעכטס!

— אפשר פֿון די נאַלעוזקים?

— איי, ער איז אַ ראַפּטום.

— פֿון דער ברייטער־מילע?

— ער איז אַ משוגענער.

— פֿון דער פּאַוויע?

— ער איז נור גוט צו געשווילעכין.

— פֿון דער דזיקע.

— נאָך ער פֿעהלט מיר, בייזערט זיך ציפּע; ער האָט אונז שוין צוויי קינדער איבערגעפֿיהרט.

— פֿאָלגט מיך, האָט זיך אָנגערופֿען די מיטער פֿון אונטערן אויווען, און רופֿט דעם דאָקטאָר פֿון אַנדערען הויף, ער איז נאָך אַ יונגער, אָבער אַ גרויסער מ.צלה, ער האָט שוין אַ סך קינדער אין דעם הויף געראַטעוועט.

(ענדע קומט.)

ד"ר גרשון לעווין.

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdruckerei Josef Fischer Krakau

